MARGARET H. SANGER

*What Every Girl Should Know*

מאַרגאַרעט ה. סענגער

# וואָס יעדע מיידעל דאַרף וויסען

איבערזעצט פון

ק. טעפּער

פּרייז 30 סענט

מאַקס נ. מייזעל

אידישער פארלאַג פאר ליטעראטור און וויסענשאפט

424 גרענד סטריט, ניו יאָרק.

1921



Margaret H. Sanger
What Every Girl Should Know

מארגארעט ה. סענגער

# וואָס יעדע מיידעל דאַרף וויסען

איבערזעצט פון

ק. טעפּער

מאַקס נ. מייזעל
424 גרענד סטריט,
ניו יאָרק.

אידישער פערלאג
פיר ליטעראַטור
און וויסענשאַפט.



MAX N. MAISEL
PUBLISHER

424 GRAND ST.
NEW YORK

1916



# אינהאלט:

# וואָס א מיידעל דאַרף וויסען.

## קאַפּיטעל 1.

## איינלייטונג.

שוין לאנג ווילען פערשידענע מענשען דערגעהן די אורזאכע פון פּראָסטיטוציאָן. דער גיט איין ערקלערונג, און אנדערער — און אנדערע יעדער האָט אויך זיין אייגענע רפואה צו דער גרויסער מכה, אָבער אלע וואָס האָבען זיך פּעראינטערעסירט מיט דער פראגע פון פּראָסטיטוציאָן, זיינען איינפערשטאנען, אז איינע פון די וויכ־טיגסטע אורזאכען, וואס טרייבט מיידלעך אינ'ם אָבגרונד פון אויס־געלאסענהייט איז דאָס, וואָס זיי האָבען קיין שום בעגריף ניט ווע־גען געשלעכט און געשלעכטליכען לעבען.

שטארק פערשפּרייטען זיך ווענערישע קראנקהייטען און צווינ־גען צו פערטראכטען זיך מענשען, וואָס וואָלטען בעסער געוואָלט פערשווייגען דעם גאנצען ענין. דאָס געהט ניט. מיר פיהלען אלץ מעהר, אז אנטקעגען פּראָסטיטוציאן און ווענערישע קראנקהייטען קענען מיר ניט קעמפפען אזוי לאנג, ווי די ברייטערע מאסען האָבען ניט קיין ריכטיגע פאָרשטעלונג פונ'ם געשלעכטליכען לעבען. מיר האָבען געשלאָפען — איצט האָבען מיר ערוואכט: די געפאהר האָט אונז געוועקט פון שלאָף. איצט זיינען שוין פערשידענע מענשען פון אלע זייטען מודה, אז ס'איז וויכטיג צו האָבען א געזונדערען קוק אויפ'ן געשלעכטליכען פּראָבלעם. בעזונדערס איז וויכטיג, אז אונזערע קינדער — מיידלעך און אינגלעך — זאָלען האָבען די נויטיגע פאָרשטעלונגען וועגען דעם געשלעכטליכען לעבען.

איצט פרעגט מען שוין ניט קיין קשיות, צי דאַרפען מיר דער־צעהלען אונזערע קינדער וועגען געשלעכט. דאָס איז שוין מעהר קיין פראגע ניט, א פראגע איז נור: ווער זאָל אויפקלערען די קינ־דער? די מוטער? דער לעהרער אָדער לעהרערין? ווען זאָל מען אָנהויבען רעדען מיט'ן קינד וועגען די דעליקאטע זאכען — צי אין פריהער יוגענד צי אין די שפּעטערע יאָהרען פון געשלעכטליכער רייפקייט?

אויף די ראַזינע פראַגען ענטפער איך אזוי: דאָס לאָגישסטע איז, אז די מוטער זאָל רעדען מיט׳ן קינד, ווי נור עס וועט אָנהויבען צו פרעגען קשיות. איידער דאָס קינד געהט אוועק אין שוהלע, איז ביי איהם דער איינציגער אויטאָריטעט די מוטער. איז עפּעס דעם קינד אונפערשטענדליך, ווענדט עס זיך צו דער מוטער. זי ערקלערט, זי מאַכט קלאָר אלץ. דאָס איז נאַטירליך. עס איז דעריבער דאָס נאַטירליכסטע, אז זי זאל בעפרידיגען די נייגירינקייט פונ׳ם קינד, וואָס וויל וויסען וועגען געשלעכטליכען לעבען. זאָל נור די מוטער ניט זאָגען קיין ליגענס, ניט אויסטראַכטען קיין מעשיות. וועט זי ענטפערען איינפאַך דעם קינד, ניט בעהאלטענדיג גאָר ניט — וועט זי באלד בעמערקען, אז דאָס קינד אינטערעסירט זיך מיט׳ן געשלעכטליכען פשוט דערפאר, וואס עס וויל וויסען וואס מעהר וועגען דער ארומיגער נייער וועלט, אין וועלכער עס לעבט. יעדע פרוי, אויך די געוועהנליכסטע, איז פעהיג צו דערצעהלען דעם קינד דעם הערליכען אמת וועגען זיין געבורט. זי דאַרף ניט זיין דערצו א מאַדים, ענדיגען אוניווערסיטעטען אָדער האָבען געהערט קורסען פון באטאניק, פיזיאלאגיע. זי דאַרף נור ניט זיין היפּאָקריטיש, ניט מאַכען זיך פאַר א צו שטאַרקע צנועה, זי אליין דאַרף פיהלען, אז דער געשלעכטליכער אקט איז עפּעס נאַטירליכעס, אונשולדיגעס און נאָרמאַלעס, אז דאָס געשלעכטליכע גיט צו לעבען און שענקייט אלעמען, וואָס לעבט און האָט אין זיך נאָר ניט אונמאָראלישעס, בעליידיגענדעס. פארקעהרט.

דאָס וויכטיגסטע איז, אז די מוטער זאָל אזוי ווירקען אויפ׳ן קינד, אז עס זאָל פיהלען, ווי הערליך און וואונדערבאר און הייליג די געשלעכטליכע פונקציאָן איז. האָט זי דאָס דערגרייכט מעג זי שוין רוהיג ערוואַרטען פון דער שוהלע, אז זי וועט ווייטער פיהרען איהר ארבייט.

נאָך מיין מיינונג, דאַרפען די קינדער אין אלע אונזערע שוהלען בעקענען זיך מיט דעם בוי פון די געשלעכטס־אָרגאַנען און זייערע פונקציאָנען. אנאַטאָמיע און פיזיאלאָגיע דאַרפען ווערען לעהרגעגענשטענדען, אָבער געלערענט דאַרפען זיי ווערען אנדערש ווי ביז איצט, ווייל ביז איצט פלעגט מען דערצעהלען וועגען אלע אָרגאַנען און פונקציאָנען, אָבער ניט פון די וויכטיגסטע.

דעם קינד דאַרפען מיר דערצעהלען וועגען דעם געשלעכטליכען לעבען פון די חיות, פון פערשיעדענע אָרגאַניזמען, כדי זיי יש־

לען זעהן, אז די זעלבע פּראָצעסען קומען פאָר אין דער גאַנצער נאַ־טור און ס'איז זיך ניטאָ דעריבער וואָס צו שעמען מיט זיי. דער צוועק פון דער בעקאַנטשאַפט מיט'ן געשלעכטליכען לעבען דאַרף זיין א בעשטימטער. די קינדער דאַרפען ניט בעטראַכטען זייער גע־בורט פאַר עפּעס א געהיימניס, וואס ווערט בעהאַלטען פון זיי אָדער א מיאוסקייט, מיט וועלכער זיי האָבען זיך געדאַרפט שעמען. דאָס, וואָס זיי וועלען דעריבער הערען אין שולע, דאַרף ניט נור גלאַט בערייכערען זייערע קענטנישען, נור צוגרייטען זיי דערצו, אז זיי זאָ־לען ניט זיין אזוי אונוויסענד און אונערפאַהרען אין אלעמען, וואָס האָט א שיכות צו זייער געשלעכטליכער רייפקייט און הייר־ראטס־פראגען.

עלטערע אינגלעך און מיידלעך גלויבען שוין ניט בלינד זייערע עלטערען. זיי האָבען שוין זייערע אייגענע אידעען. זיי ווילען וויסען דעם אמת. מיט בבא־מעשיות קען מען זיי ניט אָב'פּטר'ן. זיי וועלען שוין דערגעהן, אז מען האָט זיי גענאַרט. דאָס בעסטע איז איבערגעבען זיי די פאַקטען, וועלכע די וויסענשאַפט האָט ענט־דעקט.

אָפט הער איך, אז ס'איז ניט גוט צו פיעל רעדען וועגען גע־שלעכטליכע קראַנקהייטען. די מיידלעך, זאָגט מען, וועלען הערענ־דיג וועגען די געפאַהרען, מיט וועלכע זיי קענען זיך בעגעגנען אין זייער פערהייראַטען לעבען, מורא האָבען חתונה צו האָבען. זיי וועלען בלייבען אלטע מוידען, אָבלעבען זייערע יאָהרען איינזאַם, אָהן ליעבע.

די דאָזיגע טענות זיינען נארישע. אויב איך וויל, אז מיר זאָלען דערצעהלען יונגע מיידלעך דעם אמת, איז דאס דערפאַר, וואָס איך וויל ניט, אז מיידלעך זאָלען געהן הייראַטען אָדער גלאַט פערבינדען זיך מיט א מאַן בלינדערהייט, ניט וויסענדיג גאָרנישט און ניט איבערטראַכטענדיג וואס זיי געהען טהון. ס'איז טויזענד מאָל בעסער זיין איינזאַם, אליין, אָבלעבען די יאהרען אָהן ליעבע, איידער זיין געבונדען צו א אויסגעלאַסענעם מאַן און האַלטען אין איין שרעקען זיך פאר'ן אייגענעם געזונד און נאָך מעהר פאַר'ן גע־זונד פון די קינדער. ווי אומגליקליך איז די פרוי, וואס האָט חתונה געהאַט און קען צוליב די יוגענד־זינד פון איהר מאַן קיין קינדער ניט האָבען, אָבער נאָך שרעקליכער איז האָבען קינדער און ציטערען יעדע מינוט, אז זיי זאָלען ניט בלייבען כראָניש־קראַנקע אָער שטאַר־בען באַלד, ווי זיי ווערען געבוירען.

איך גלויב אין ליעבע. איך בין איבערצייגט, אז אויב מענ־שען האבען זיך ליעב און ווילען לעבען צוזאמען, מעגען זיי רוהיג רעדען וועגען זייער געזונדהייט. רעדען דאך אלע היינטיגע ציי־טען אזוי פיעל וועגען מעבעל, פערדינסטען, תכלית, טו פארוואס ניט דערמאנען דאס וויכטיגסטע — די קערפערליכע געזונדהייט? אויב דער מאן און פרוי, וואס געהען חתונה האבען, האבען זיך אויף אן אמת ליעב, וועלען זיי ניט וועלען אנשטעקען איינער דעם אנ־דערען מיט עפעס א שווערער קראנקהייט אדער גלאט אונטערגרא־בען זייער געזונדהייט. זיי וועלען בעשיצען איינער דעם אנדערען, זיי וועלען מיט'ן אייגענעם גוטען ווילען פרעגען א ספעציאליסט, צי זיינען זיי בערעכטיגט חתונה צו האבען.

אבער אויסער די געפעהרליכע געשלעכטליכע קראנקהייטען, זיינען פארהאן נאך אנדערע וויכטיגע מאמענטען אינ'ם געשלעכט־ליכען לעבען, וועלכע יעדע מיידעל מוז וויסען.

יעדע מיידעל דארף זיך קענען, זיך פארשטעהן — דאס הייסט קענען איהר ארגאניזם און די איינצעלנע ארגאנען, איינשליסענדיג די געשלעכטליכע. זי דארף האבען א בעגריף וועגען די פערשידענע עפאכען אינ'ם לעבען פון א נארמאלער פרוי. זי דארף וויסען, וואס יעדע עפאכע פאדערט פון איהר, בעזונדערס די מוטערשאפט. זי דארף פערשטעהן, וואס פאר א וויכטיגע ראל דער געשלעכטס־אינ־סטינקט שפילט. דאס אלעס וועל איך פרואווען דערצעהלען אין דעם דאזיגען קליינעם ביכעל אין א איינפאכען, אלעמען פערשטענד־ליכען לשון, ניט וועלענדיג אויף קיינעם ארויפצווינגען מיינע בע־גריפע וועגען מאראל און איבערגעבענדיג פאקטען, נור וויסענשאפט־ליך בעשטעטיגטע פאקטען, מיט וועלכע יעדער קען טהון, וואס ער פערשטעהט.

---

קאפיטעל 2.

## פיזישע ענטוויקלונג.

מיר וועלען פריהער פון אלץ רעדען וועגען די מיידלישע יאה־רען, ווען דאס געשלעכטליכע הויבט זיך ערשט אן צו לאזען פיהלען. ס'ארא אינטערעסאנטע, געהיימניספולע, בעצויבערענדע צייט דאס איז! מען זאגט, אז דאס אמעריקאנער מיידעל איז צווישען צוועלף

און אכצעהן יאָהר דאָס פּערלאָזענסטע מיידעל אין דער וועלט. אפשר איז דאָס טאַקי אזוי, אָבער פערלאָזען זיינען ניט נור די אמע־ריקאַנער, נור אַלע מיידלעך אין די דאָזיגע קריטישע יאָהרען — ביז די לעצטע צייטען האָבען עלטערען ווייניג וואָס געקימערט זיך וועגען זייערע מיידלעך אין די דערמאָנטע יאָהרען. ערשט גאָרניט לאַנג האָבען מיר אָנגעהויבען צו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ ווירקונג אויפ'ן גאַנצען לעבען די דאָזיגע מיידלישע יאָהרען האָבען.

נעמט איהר אַ מיידעל צווישען צוועלף און צוויי־און־צוואַנציג יאָהר, אין די יאָהרען פון איהר געשלעכטליכער ענטוויקלונג, בע־מערקט איהר, אז זי ענדערט זיך שטאַרק. זי ווערט פיזיש ענט־וויקעלט, דאָס געשלעכטליכע, וואָס איז פריהער געווען בעהאַלטען, לאָזט זיך איצט פיהלען. איהר גייסט וואַקסט. זי איז אין אַ קריטישער צייט. איהר קענט איהר העלפען וואַקסען אָדער שטע־רען איהר. איהר קענט איהר געבען גוטע עצות אָדער שטעהן גלייכ־גילטיג אָן אַ זייט. געדענקט, אַז דאָס, וואָס דאָס מיידעל לעבט גייסטיג, מאָראַליש און פיזיש איבער אין די דאָזיגע יאָהרען, וועט זיך אָברופען אויפ'ן גאַנצען לעבען איהרען.

די מוטער דאַרף בעצייטענס זעהן געווינען דאָס פערטרויען פון איהר טאָכטער. זי מוז איהר מיטפיהלען, זיין איהר גוטער פריינד. וויסענדיג, אַז אַן עלטערער פון איהר, איהר מוטער בעשיצט איהר, וועט דאָס מיידעל פיהלען זיך זיכערער, פעסטער, שטאַרקער. זי וועט זיך ווייניגער שרעקען פאַר די ענדערונגען, וואָס קומען אין איהר פאָר. זי וועט האָבען איהר פריינד אין הויז און וועט דע־ריבער זיך ווייניגער צוהערען צו די שלעכטע חבר'טעס אין גאַס, וואָס וואָלטען געקענט איהר פערדערבען פיזיש און מאָראַליש. זאָל יעדע מוטער זעהן זיין אַ גוטער מלאך פאַר איהר שוואַכער מיידעל!

ארום צוועלף יאָהר ווערט פּלוצלונג דאָס קליינע מיידעלע אַז אנדער מענש. די קליידער זיינען שוין צו ענג פאַר איהר — זי האָט זיי איבערגעוואַקסען. איהרע פיס און הענד ווערען גרעסער, איהרע ברוסטען האָבען שוין אַ פאָרם. דאָס געשלעכט הויבט זיך אָן שוין צו פיהלען. ניטאָ שוין דאָס אַמאָליגע קליינע מיידעלע, אַן אַנדערע שטעהט פאַר אונזער פערוואונדערט אויג.

ניט נור פיזיש האָט זיך ענטוויקעלט שטאַרק דאָס קליין קינד, אויך איהרע גייסטיגע אינטערעסען און מאָראַלישע אינסטינקטען וואַקסען אזוי שנעל, אז אונז ווערט שווער צו דערקענען דאָס דאָ־

זיגע ליעבע, יונגע, בליהענדע בעשעפעניש, וואָס איז שוין ניט מעהר קיין קינד און נאָך ניט קיין ערוואַקסענע פרוי.

אמאָליגע צייטען האָט א מיידעל געראַרפט זיין דעליקאַט, שוואַכליך, צוהוסטען אביסעל, האָבען שוואַך ענטוויקעלטע ברוס־טען, א קליינעם אַפּעטיט. אזא מיידעל איז געווען דאָס אידעאַלע מיידעל. די צייטען זיינען שוין פערשוואונדען. איצט פערשטעהען מיר, אז א מיידעל דאַרף זיין פיזיש שטאַרק און געזונד און ענערגיש. דאָס היינטיגע מיידעל וויל ניט, ווי אין אמאָליגע צייטען, זיצען גאַנצע טעג אין שטוב, נייהען, שפּיעלען מיט פּופּען. די מוטערס פאָדערען דאָס שוין ניט פון זיי. צום גליק פערשטעהען מיר, אז פאַר דער מיידעל איז אַזוי גוט צו זיין אויף דער פרייער לופט, ווי פאַר'ן אינגעל. אונז ארט שוין ניט, וואָס זי לערנט זיך שווימען, רייטען, באַל שפּיעלען, שיסען. מיר האָבען הנאה פון איהר פלינ־קייט און אקטיוויטעט. זי דאַרף ניט אָבשטעהן פונ'ם אינגעל און זי שטעהט פון איהם טאַקי ניט אָב. גליקליך זיינען די מיידלעך וואָס זיינען געבאָרען היינטיגע צייטען און קענען רוהיג טראַכטען וועגען דער ענטוויקלונג פון זייער קערפּער. אמאָל איז דאָס געווען א שאַנדע.

דאָס מיידעל דאַרף זעהר אין זין האָבען איהר געזונדהייט. היט זי עס ניט, ווערט זי שוואַכער. בעזונדערס מוז זי פאָרזיכטיג זיין אין די איבערגאַנגס־יאָהרען, ווען זי געהט איבער פון קינדהייט צו ווייבליכקייט.

די ערשטע און וויכטיגסטע ענדערונג אינ'ם מיידעל אין די יאָהרען איז דאָס, וואָס זי ווערט העכער אין וואוקס. אָנהויבען הויבט זיך דאָס אינ'ם דרייצעהנטען יאָהר און ענדיגט זיך ארום דעם פופצעהנטען. פאַרהאַן מיידלעך, וואָס הויבען אָן צו וואַקסען פריהער און האַלטען אין וואַקסען נאָך א פאָר יאָהר נאָכ'ן פופ־צעהנטען, אָבער דאָס זיינען אויסנאַהמען. געוועהנליך בעמערקט מען ניט קיין ווייטערען וואוקס נאָכ'ן פופצעהנטען יאָהר.

אין די דערמאָנטע יאָהרען זיינען דיביינער ווייך און האַלטען ניט אויס קיין דרוק און דעריבער איז בעזונדערס געפעהרליך דאַ־מאָלס צו טראָגען קאָרסעטען. דער קאָרסעט דריקט די ריפּען און דאָס לאָזט ניט ענטוויקלען זיך די לונגען און קען פיהרען צו טו־בערקולאָזיס. קאָרסעטען דאַרף מען טראָגען ניט פריהער פונ'ם איין־און־צוואַנציגסטען יאָהר און אויך דאַמאָלס זעהר לויז. דאָס פעסטע איינשנורעווען זיך איז שעדליכער אין די יונגערע יאָהרען,

ווי אין א פּאָר יאָהר שפּעטער. ספּעציאַליסטען, וואָס האָבען זיך פערנומען מיט דער פראַגע, וואָס פאַר א ווירקונג דאָס קאָרסעט־טראָ־גען האָט, בעהויפּטען, אז עס ווירקט צום שלעכטען אין אויפ׳ן ברוסט־קאַסטען, אי עס שטערט דער ענטוויקלונג פון די געשלעכטליכע אָרגאַנען און די רעזולטאַטען זיינען געוועהנליך פערשידענע פונקצ־יאָנעלע קראַנקהייטען, פּיינליכע און אונרעגעלמעסיגע מאָנאַטליכע מענסטרואַציאָנען, וואָס נעמען זיך פון דער שוואַכער ענטוויקלונג פונ׳ם יונגענדליכען אָרגאַניזם.

יעדע מיידעל לאַכט פון די כינעזישע ווייבער, וואָס שנורען איין זייערע פיס און אַליין טהוט זי דאָסזעלבע. דאָס, וואָס זי טהוט איז נאָך ערגער. זי לאָזט ניט וואַקסען, ענטוויקלען זיך וויכטיגע טיילען פון אָרגאַניזם, ווי דער ברוסט־קאַסטען און טיילען פונ׳ם בויך. ווי עלים בעוויזט, פערקריפּעלען די כעניזעשע ווייבער זייערע פיס, האָבענדיג אין זין דאָסזעלבע, וואס די אייראָפּעאישע האָבען אין זין פערקריפּעלענדיג זייער געשטאַלט — זיי ווילען גע־פעלען מענער. אזוי איז שוין ביי די כינעזער, אז די פיס פון זייערע ווייבער האָבען פאַר זיי א גרעסערען אינטערעס, ווי זייער געזיכט. קיין אנשטענדיגער, גוט־ערצויגענער כינעזער וועט אין גאָס ניט פערגינען זיך א קוק טהון אויפ׳ן פוס פון א כינעזישער פרוי, דאָס איז זעהר ניט דעליקאַט. אָבער אונזערע מענער קוקען זיך איין און גאַנץ שטאַרק אויף די פונ׳ם קאָרסעט איינגעענגטע פאָרמען.

יעדע מיידעל דאַרף זיך גוט פערטראַכטען וועגען דער קאָר־סעט פראַגע, אויב זי האַלט טייער איהר געזונד.

ווי נור דאָס מיידעל הויבט אָן שנעל צו וואַקסען, ווערט איהר אָפּט שווער צו געהן גלייך, איהרע אַקסלען ווערען איינגעבויגען, דעם קאָפּ און האַלז שטעקט זי אַרויס אין א זעהר ניט־גראַציעזער מאַ־ניר. זאָגט עמיצער איהר וועגען דעם, אָדער זי אַליין בעמערקט עס, זעהט זי ניט עפּעס צו טהון דאַגעגען, נור ווערט פערשעמט, צוטומעלט. זי געוואוינט זיך צו גאָר אונגעלומפּערטע בעוועגונ־גען. איהר דוכט זיך, אז איהרע אָרעמס זיינען געוואָרען שרעקליך לאַנג, איהרע הענד, פיס ווערען איהר צו לאַסט, איהר ווילט זיך בעהאַלטען די הענד פון הינטען, פערלעגען די אָרעמס, איינבויגען די קניה, אז דער קערפּער זאָל ניט אויסזעהן אזוי לאַנג, איהר ווילט זיך אָנשפּאַרען אָן עפּעס.

א שלעכטע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פונ'ם אָרגאניזם האָט די מאָנאָטאָנקייט פון דער ארבייט אין די פאבריקען. טאָג איין, טאָג אויס קומט אויס די מיידלעך צו טהון די זעלבע ארבייט, און דאָס ווירקט שלעכט אויפ'ן אָרגאניזם. שטעהען טויזענדער קליינע מיידלעך גאנצע טעג אין די בוימוואָל פאבריקען און דער גאנצער קערפער איז אין א אונגאטירליכער לאגע, און דער רעזול־טאט איז אן אויסגעבויגענקייט פונ'ם רוקענביין. וויפיעל מייד־לעך, וואָס האָבען געדאַרפט שפּילען זיך אין גאס און ארומלויפען וויפיעל זייער הארץ גלוסט, זיצען איינגעבויגען איבער'ן גענעה פון דער פריה ביז נאכט פון יאָהר צו יאָהר — זיי ווערען דער־פאר בעלוינט מיט אן אויסגעבויגענקייט פון דער רעכטער זייט. יעדער פערשטעהט, אז זיצען איין פוס פערוואָרפען אויפ'ן אנ־דערען, ווי בשעת נעהען אָדער הויבען און שלעפּען פעקלעך, שווע־רע זאכען און קליינע שוועסטערלעך און ברידערלעך, ווי עס טהוען די שלעכט־גענעהרטע, אָרימע ארבייטער־מיידלעך — איז ניט זעהר געזונד. און ווער עס דערמאָנט זיך, אין וועלכע בעדינגונגען עס לעבען די מיידלעך פון די אָרימערע קלאסען, וועט זיך זיכער ניט וואונדערען, וואָס אזוי אָפט קומט אויס צווישען זיי צו בעגעגענען אויסגעבויגענע, אויסגעדרעהטע, מיט אוננאָרמאל־געבויטע רוקענס. וואָס קען מען טהון דאגעגען ? פערשידענעס. זעהט ארומגעהן וואָס מעהר, לויפען, טאנצען, מיט איינעם וואָרט — בעוועגען זיך אויף דער פרייער לופט. לויפענדיג, שפּילענדיג, מאכענדיג גימ־נאסטישע איבונגען קענט איהר פערהיטען אז איהר זאָלט ניט האָ־בען קיין אויסגעקרומטען רוקען און האָט איהר איהם שוין, איז דאָס בעסטע פרעגען א ספּעציאליסט און טהון אלץ וואָס ער הייסט.

וויכטיג זיינען נאָך אין די פון אונז בעטראכטע יוגענד־יאָהרען די ענדערונגען פונ'ם הארץ און פון דער בלוט־צירקולאציאָן. דאָס הארץ וואקסט שנעלער אין די דאָזיגע יאָהרען ווי די בלוט געפעסען און דעריבער איז אין זיי שטענדיג צופיעל בלוט, וועלכעס צירקו־לירט ניט רעגעלמעסיג איבער'ן אָרגאניזם. די אויסערליכע סימנים פון דער אונרעגעלמעסיגער בלוט־צירקולאציאָן זיינען פער־שיעדענע : דער קאָפּ טהוט וועה, פון דער נאָז געהט בלוט, די פיס און הענד זיינען קאלט, דאָס מיידעל ווערט רויט ביי דער קלענס־טער געלעגענהייט, ליידט פון בלוטלאָזיגקייט, האָט ניט קיין אפּע־טיט אָדער א זעהר אוננאָרמאלען : אָט ווילט זיך איהר אייז־קריעם און אָט גיט איהר זויערעס : אינ'ם פאל, אז די מיידעל

ליירט פון אזעלכע סימפטאמען, דארפט איהר דאס ניט פערלאזען. בעזונדערס ווען דאס מיידעל געהט נאך אין שוהל אדער האט אר־בייט אין א פאבריק אדער קאנטאר, וואס מאכט איהר שנעל מיד און שטרענגט איהר זעהר שטארק אן. אזא שוואכער, נערוועזער מיידעל דארף מען געבען גוט צו עסען. זי מוז וואס עפטער זיין אויף דער לופט. אפט וועט אייזען האבען א גוטע ווירקונג אויף איהר.

אפט בעווייזען זיך אויפ'ן מיידעל'ס געזיכט פלעקען, שפרענק־לעך, דאס מיידעל האט דערפון גרויסע צרות. זי האט שוין אנגע־הויבען צוקוקען זיך צו זיך, וויל זיין וואס ריינער, וואס גראציע־זער, וואס שענער און דא אזא צרה. זי נעמט זיך דאס שטארק צום הארצען, שמירט זיך דאס פנים, לויפט אין אפטעק נאך מיט־לען און עס העלפט ניט. אפט בלייבען נאך פון די אלע מיטלען מיאוסע שפורען אויפ'ן פנים. אבער אין אמת'ען דארף זיך דאס מיידעל גארניט אזוי שרעקען פאר די פלעקען און שפרענקלען. דאס איז נור א סימפטאם פון איהר רייפקייט. זי דארף קיין מיט־לען ניט, און ניט מעדיצינישע און ניט קאסמעטישע. זאל זי נאר האלטען ריין איהר הויט און האבען א נארמאלען מאגען און פון זיך וועלען די אלע אונאנגענעהמע סימפטאמען פערשווינדען.

פיעל צו טהון האט דאס וואקסענדע מיידעל מיט איהרע נער־ווען. זיי האבען זיך נאך ניט איינגעשטעלט. דאס נערווען־סיס־טעם פאסט זיך ביסלעכווייז צו צו די בעדערפנישען פון דעם אר־גאניזם. ניטא נאך קיין גלייכגעוויכט. דערפון נעמען זיך פער־שידענע נערוועזע קראנקהייטען אין די יאהרען. פלוצלונג ווערט דאס מיידעל אונרוהיג, קען ניט שלאפען אדער זי הויבט אן צו שטאמלען אדער מאכען גרימאסען. דאס זיינען אלץ סימנים פון עפעס אן אונארדנונג אינ'ם ארגאניזם. זיי קענען פון זיך אליין פערשווינדען, אבער אפט מוז מען אויף זיי שטארק אכטונג געבען און עפעס טהון, אניט קען דאס מיידעל בלייבען קראנק דאס גאנ־צע לעבען. מיט איינעם ווארט, דאס מיידעל, וואס האלט אין וואקסען, טאר מען ניט לאזען לויפען, איבערלאזענדיג אלעס צו דער נאטירליכער ענטוויקלונג. דאס קען ווערען געפעהרליך. מען דארף איהר שטענדיג היטען און אין זין האבען.

## קאפיטעל 3.

# גייסטיגע ענטוויקלונג.

שארפער ווערען אין דער וואקסענדער מיידעל די חושים. דער חוש הריח ווערט ביי איהר בעזונדערס עמפפינדליך. זי האט גרויס הנאה פון אנגענעהמע גערוכען און קען ניט פערטראגען קיין אונאנגענעהמע. דאס מיידעל הויבט אן צו בענוצען זיך מיט פאר־פומען און צום בעדויערען! אפט מיט גאנץ שעדליכע.

עס ענטוויקעלט זיך אויך דער פארבען־זין. נאך נעכטען האט דאס מיידעל ערלויבט עלטערען אויסצוקלייבען פאר איהר קליידער און פארבען, איצט וויל זי דאס טהון אליין. איהר איז שוין ניט אלץ איינס, ווי זי וועט זיך אנטהון. זי וויל האבען ארום זיך און אויף זיך פארבען, וואס געפעלען איהר. דאס מיידעל ווערט פאעטישער. זי פערקוקט זיך אויף זונען־פערגאנגען, וועלדער, בערג און בלומען. זי האט זיי ערשט איצט דערזעהן. די גאנצע נאטור בעקומט אן אנדער פנים אין איהרע אויגען. אפט דערפיהלט דאס מיידעל אין די ענטוויקלונגס יאהרען, אז זי האט אן ארטיסטישען טאלענט: זי בעשליסט ווערען א מאלערין, א מוזיקערין, אן אקטריסע.

דאס מיידעל וויל זיין שעהן געקליידט, אויסזעהן שעהן. זי צירט זיך; זי האט שוין א עסטעטישען געשמאק. שעה'ווייז שטעהט זי ארום די וויטרינען פון די גרויסע געשעפטען, קוקט זיך איין ליידענשאפטליך. שפיצען, בענדער, צירונג, פאסאנען פער־נעמען איהר אויג, רייצען איהר, זי וויל האבען וואס מעהר פארביגע קלייניגקייטען, ארנאמענטען. אנדערע זיינען גרייט צו אלץ, אבי צו קריגען די קלייניגקייטען, וואס פרעהען דאס אויג. אנדערע שרעקען זיך ניט אב אפילו פאר קליינער גניבה; אנדערע וועלען פאר א זיידען אונטערקליידעל, פאר א רינגעל פערקויפען זייער לייב. דאס, וואס מיידלעך האבען אזוי ליעב אלעס גלענצענדע, פארביגע, ארנאמענטאלע, איז זעהר נאטירליך, אבער ווי אוננא־טירליך איז די געזעלשאפט, וואס דערלאזט, אז איהרע פרויען זאלען מוזען פערקויפען זיך, וועלענדיג בעפרידיגען אזעלכע נא־טירליכע בעדערפעניסען. האט דאס פלייש און דאס בלוט און די נשמה פון אונזערע צוקונפטיגע מוטערס אזא קליינעם ווערט אין אונזערע שטאאטען, אז עס ווערט געאפפערט אזוי שרעקליך און

אונמענשליך ? דאס וואקסענדע מיידעל וויל זיך פוצען, אויס־
פוצען, שעהן זיין. דאס ליגט אין איהר בלוט, אין איהר נאטור.
איהר קענט ניט טויטען אין איהר דאס דאזיגע בעדערפעניש. עס
וועט ניט העלפען. זי מוז זיך פוצען. זי וועט זיך פוצען. און
איז דאס אזא אומגליק ? דאס מיידעל פון די רייכערע קלאסען
טהוט זיך אן די טייערסטע קליידער, פערשווענדט טויזענדער אויף
גאלדוואארג און אונגעוועהנליכע געוועבען. אלע ווענדען זייערע אוי־
גען צו איהר. אלע בעוואונדערען זי : זי האט אזא געשמאק, זי
איז אזוי בעצויבערענד. אבער זאל עפעס עהנליכעס אין איהר
גראד טהון אן ארבייטער־מיידעל, ווערט א געוואלד. זי טאר ניט.
דאס איז א געפאהר פאר איהר, פאר דער געזעלשאפט. דאס ריי־
כע מיידעל, הייסט עס, בעפרידיגט נאר איהר בעדערפעניש אין
שעהנעם, אבער וויל דאס ארימע מיידעל זיין שעהן, איז דאס א
פערברעכען, מיאוס'ער לוקסוס, שרעקליכע פערשווענדעריי, וואס
רואינירט דאס מיידעל. די רייכע פרויען האבען איין מאראל פאר
זיך און זייער קלאס און גאר אן אנדערע מאראל פאר פרויען פונ'ם
ארבייטער קלאס. מען קען מיינען, אז דאס זיינען גאר ניט די־
זעלבע מענשענקינדער. עס איז שוין צייט, אז די אלע סאציאל־
רעפארמאטארס זאלען אויפהערען פעריכטען דאס צופוילטע גע־
וואנד פון אונזער אומגערעכטער געזעלשאפט און זאלען א טראכט
טהון וועגען דער פונדאמענטאלער אומגערעכטיגקייט איהרער.

דאס מיידעל, וואס וואקסט, האט ליעב צו טאנצען, זינגען,
לאכען, מוזיצירען. זי דורשט נאך שעהנהייט. זי האט א נאַ־
טירליכען חשק צו צירען איהר לייב — א חשק, וועלכער איז אי־
בערגעגאנגען צו איהר פון דער פרימיטיווער פרוי נאך. זי האט
ליעב אלעס ראמאנטישע, אונגעוועהנליכע. זי איז אליין ראמאנ־
טיש. דאס אלץ כאראקטעריזירט דאס מיידעל, וואס ווערט אלץ
רייפער פסיכאלאגיש, פיזיש און געשלעכטליך. די שטריכען פער־
שווינדען אמאל אלע אדער אייניגע מיט דער צייט און ביי אנדערע
בלייבען זיי אויף שפעטער. דער מיידעל'ס פאנטאזיע הויבט אן
צו ארבייטען ; זי שטעלט זיך פאר אזוינס, וואס איז קיינמאל
ניט געשעהן, דערצעהלט אייך וועגען זיך פאנטאסטישע זאכען, זעהט
און הערט דאס, וואס אנדערע זעהען און הערען ניט. דאס הייסט
ניט, אז זי זאגט ליגענס, אז זי איז א ליגנערין. מיט דער צייט
וועט זיך איהר פערשטאנד און ווילען ענטוויקלען און זי וועט זיך
בעפרייען פון די פאלשע פארשטעלונגען און בילדער. נור ניט בע־

שולדיגט איהר, ניט חאפט איהר אין ליגענס, ניט רעדט איהר צו פיעל אויס: איהר קענט איהר בעליידיגען און דערגרייכען גראַד דאַס ענטגעגענגעזעצטע פון דעם, וואַס איהר ווילט.

דער מיידעל'ס שטימע בייט זיך אויך, אָבער ניט אזוי שטארק, ווי ביי א איינגעל. ביסלעכווייז ווערט איהר שטימע ווייכער, פולער, בעקומט א מעהר פרויענהאפטען טעמבר.

דאַס וואקסענדע מיידעל הערט שארפער. די קלאַנגען, וועלכע זי האָט מיט עטליכע חדשים צוריק גאַרניט בעמערקט, הויבען איהר איצט אָן אויפצורעגען. זי קען ניט ליידען, וואַס דער פאָטער שנייצט אזוי הילכיג די נאָז. זי ווערט נערוועז פון דער מוטער'ס הויכע געשרייען. זי האָט שוין איצט אָן אויער פאַר מוזיק. זי האָט ליעב הערען שפּילען, פּרואווט אליין שפּילען, זי זינגט. דאָס איז עפּעס נייעס אי פאַר איהר, אי פאַר די ארומיגע. זי איז פּלוצלונג געוואָרען מוזיקאליש.

עלטערען און לעהרער, וואָס פערשטעהען ניט, ווי נאַטירליך די אלע ענדערונגען זיינען אינ'ם מיידעל זיינען אין כעס אויף איהר, ווערען אונגעדולדיג, שרייען, אז דאָס מיידעל קאָקעטירט, איז געקינצעלט, מאכט זיך נאריש, וועהרענד אין אמת'ען איז דעם מיידעל'ס געקינצעלטקייט, מוזיקאלישקייט, ראָמאַנטישקייט, צוטומעלטקייט, אונגעוועגטליכקייט א טייל פון איהרער נאַרמאלער ענטוויקלונג און קען אויסגענוצט ווערען אי צום גוטען, אי צום בעזען.

דאָס מיידעל הויבט אָן צו טראַכטען ניט נור וועגען זיך מעהר, נור אויך וועגען דעם ארומיגען. זי דעקאָרירט איהר שלאָפצימער, אינטערעסירט זיך מיט איהרע טואלעטען, זאכען, וויל האָבען פיינע פּאַרהענגלעך, העל־געפּארבטע בעט־דעקען, זי ווערט אונאבהענגיגער. פריהער איז זי געוועזען אין א צימער, איצט וויל זי האָבען א י ה ר צימער, לויט איהר געשמאַק. זי האָט שוין געשמאַק, זי ווערט שוין עפּעס א פּערזענליכקייט.

דער מיידעל'ס גייסט הויבט זיך אָן צו פאָרמירען, אָבער ער איז נאָך ניט קיין פעסטע, אויסגעפאָרמירטע זאַך. דאָס זיינען געפעהרליכע יאָהרען. דאָס מיידעל ווערט לייכט היסטעריש. זי קען לייכט פערלירען דאָס גייסטיגע גלייכגעוויכט, די געפאהר איז אלץ קלענער, וואָס מעהר מיר גיבען זיך אָב מיט דער מיידעל אין די דאָזיגע געפעהרליכע יאָהרען פון איהר ענטוויקלונג.

דאָס מיידעל ווערט געפיהלפול. פערשיעדענע געפיהלען ווערען געבאָרען אין איהר הארץ. איינע פון די שטארקסטע געפיהלע

לען, וואָס כאַפּט איהר אַרום, איז דאָס רעליגיעזע. קיין איין מיי־
דעל געהט ניט אַריבער פון קינדהייט אין די עלטערע יאָהרען אָהן
א רעליגיעזער ערוואַכונג. זי הויבט אָן צו גלויבען אין עפּעס אי־
בערמענשליכעס. איינינע פאַרשער האָבען בעמערקט, אַז פון הונ־
דערט פרויען, וואָס געהען איבער פון איין סעקטע, אָדער רעליגיאָן,
אין אַן אַנדערער, זיינען אַכציג ניט עלטער פון צוואַנציג יאָהר; ביי
יענע, וואָס זיינען אַלט פון 30 ביז 40 יאָהר טרעפט זיך דאָס זעהר
זעלטען. איינע אָדער צוויי פון הונדערט בייטען, אין די יאָהרען,
זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען. אַלע ווייסען אויך, אַז מייד־
לעך האָבען מעהר פון אינגלעך ליעב צו געהן אין קירכע. אַנדערע
מיידלעך נעמען אויף זיך אַ נדר צו זיין גוט, טהון גוטס, פייניגען
זיך, פאַסטען; זיי זאָגען זיך אָב פון תענוגים. אַנדערע זיצען
גאַנצע שעה'ן און בעטען צו גאָט, קוקען ניט אויף זייער געזונד און
פערנאַכלעסיגען אפילו זייערע שול־אַרבייטען. און דאָס איז גאַנץ
נאַטירליך. רעליגיאָן און קירכע האָבען אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף
דער וואַקסענדער מיידעל, ווייל דער פערשטאַנד איהרער איז נאָך
בויגיג, עמפּפינדליך. קיינמאָל אין איהר לעבען מעהר וועט זי ניט
זיין אַזוי עמפּפינדליך, ווייך, ווי אין די יאָהרען. אויב דאָס מיי־
דעל, וואָס געהט אין קלויסטער אַוועק צו אַכצעהן יאָהר, וואָלט
זיך ניט געאיילט און געוואַרט, ביז זי וועט ווערען אַלט צוויי־און־
צוואַנציג יאָר, וואָלט זי געוויס קיין נאָנע ניט געוואָרען.

דאָס וואַקסענדע מיידעל הויבט אָן צו פיהלען ליעבע, ווערט
צוגעבונדען צו אַנדערע מענשען. אינגלעך האָבען אויך אַזעלכע
געפיהלען. דאָס דערוועקט זיך אין זיי אין דאָס געזעלשאַפטליכע.
אינגלעך בילדען קלובען, גרופּען, „געננגס", זיי האָבען אַ פיהרער,
פאָלגען איהם, בעוואונדערען איהם, אָבער ביי מיידלעך איז דאָס
אַנדערש, איינפאַכער. די מיידעל ווערט שטאַרק צוגעבונדען צו
אַ חבר'טע פון איהר עלטער, איהר ליעבע איז אַ טיעף און שטאַרק
געפיהל. זי דערצעהלט אַלע איהרע געהיימניסען דער חבר'טע,
טיילט זיך מיט איהר מיט אַלע איהרע מתנות, נעמט איהר מיט
זיך מיט געהענדיג צו גאַסט, איז מיט איהר שטענדיג צוזאַמען.

דאָס וואַקסענדע מיידעל ווערט אָפּט צוגעבונדען צו אַן על־
טערער פרוי, צו דער לעהרערין אָדער אַ שכנה. עלטערען זיינען
אָפט דערמיט ניט צופרידען. זיי זיינען גערעכט. פאַרהאַן פער־
שיעדענע מענשען און אַן עלטערע פרוי קען האָבען די בעסטע וויר־
קונג אויפ'ן מיידעל, אָבער זי קען איהר אויך פערדערבען.

אָבער אויסער אַלע נייע אינטערעסען אין די אַרומיגע מענשען און זאכען, האָט דאָס וואקסענדע מיידעל דאָך דעם גרעסטען איני־טערעס צו זיך. זי האָט שוין אַ זעלבסט־בעוואוסטזין. זי האָט אמביציאָן, זי וויל גרויס ווערען, אַ נאָמען בעקומען, בעריהמט ווע־רען; זי וויל איינגעמען די וועלט. זי איז איבערצייגט, אז זי וועט זיין אַ גרויסע זינגערין, אָדער טענצערין, אָדער, אפשר, אַן אַקטריסע. זי וועט זיכער אָנשרייבען — טראַכט זי זיך — אַ וואונדערבארען ראָמאַן — וועגען זיך אליין, אָדער אמווענינגסטען וועט זי זיין אַ העלדין פון אַ ראָמאַן אין לעבען. זי וועט קאָמפּאָ־נירען אַ אונגעוועהנליכע אָפּערא אָדער טראַגעדיע, אָדער זי וועט זיין אַ בארמהערציגע שוועסטער. אַרומגעהן אויפ'ן שלאַכטפעלד אַרום קראַנקע און שטאַרבענדיגע. טויזענדער פאַנטאַזיען און פער־לאַנגען דרעהען זיך אַרום אין דער מיידעל'ס נשמה. דאָס, וואָס זי לעזט, האָט זי אָנגענומען פאַר אַ ווירקליכקייט. זי וויל זיין, ווי יענע אין ראָמאַן. דאָס, וואָס זי לעזט, קען האָבען אויף איהר די בעסטע ווירקונג, אָבער אויך שעדליך זיין. דאָס ביכעל איז איהר גוטער פריינד, חבר און לעהרער. זעהט, אז זי זאָל האַלטען אין האַנד אַ גוט ביכעל!

דאָס מיידעל איז זעלבסט־בעוואוסט. זי ווייס שוין וועגען זיך, אָבער זי איז ניט זיכער מיט זיך. דעריבער איז זי צו עמפּ־פינדליך, בעזונדערס ווען איהר רעדט מיט איהר וועגען עפּעס, וואָס האָט צו טהון מיט געשלעכט. איהר פרעגט וועגען מאָנאַטליכען. — ווערט זי רויט און אַנטלויפט. זי וויל ניט הערען וועגען דעם. זי איז בעליידיגט, אין כעס אויף אייך, וואָס איהר ריהרט אָן אַזעל־כע פראַגען. וואונדערט זיך די מוטער, וואָס עפּעס שווייגט איהר טעכטעריל, פאַרוואָס זי פרעגט איהר ניט און וויל ניט די מוטער זאָל איהר פרעגען וועגען די דאָזיגע וויכטיגע וואַכען. די ערקלערונג איז אָפּט אַן איינפאַכע. דאָס מיידעל האָט זיך פערטרויט אַן אַנדערער — יענע האָט איהר אַלץ ערקלערט. דאָס פערטרויען, וואָס די מוטער האָט געדאַרפט זיך ערווערבען מיט יאָהרען צוריק, האָט זי זיך ניט ערוואָרבען, זי איז איהר אַ פרעמדע. זי וויל ניט טיילען זיך מיט דער מוטער מיט איהר אונגעוועהנליכער ערפאַהרונג, זי געהט צו איהר פריינדין, אַן עלטערער מיידעל, וואָס ווייס אַלץ. און דאָס דאָזיגע מיידעל. וואָס דערצעהלט איהר אויס אַלע סודות פון געשלעכט, ווערט מיט אַמאָל איהר שרעקליך נאָהענט און טייער. יענע קען טהון מיט איהר וואָס זי וויל. דאָס מיידעל דערגעהט ביי

איהר בעהאַלטענע זאַכען, נעמט זיך אָן מיט איהרע בעגריפען און אידעאַלען. גוט איז דער מיידעל, וואָס האָט געהאַט אַ גוטען, עהר־ליכען פריינד!

נייע עמאָציאָנען, נייע געפיהלען פערפלייצען דאָס שטילע לע־בען פון דעם קליינעם מיידעל; אין די דאָזיגע געפיהלען ענט־פלעקט זיך דאָס געהיימניספולע געשלעכט. וואָס ווייטער, אַלץ מעהר פיהלט זיך דאָס געשלעכט און פאָדערט זיינס. אַ נייע, טיפער געפיהל — דאָס טיפסטע אין אַלע — דערפיהלט דאָס וואַקסענדע מיידעל. דאָס אינגעל, מיט וועלכען זי האָט זיך געשפּילט די לעצ־טע יאָהרען, אַרומגעלאָפען מיט איהם, געראַנגעלט זיך, קוקט איהר עפּעס אונגעוועהנליך אין די אויגען אַריין — עפּעס איז געשעהן. ער גיט איהר אַמאָל אַ ריס די האָר, אַ קניפּ אין באַק, און דער־ביי קוקט ער אַזוי צערטליך, ער בענקט און אַ נייער אינסטינקט וואַכט אויף אין איהר האַרץ, דער מעכטיגסטער, דער שטאַרקסטער אינסטינקט — דער געשלעכטליכער אינסטינקט. אויף דעם האָרי־זאָנט פון דעם רוהיגען מיידלישען לעבען האָט זיך בעוויזען דער מאַן; איהם ציהט צו איהר און איהר צו איהם. זי פערליעבט זיך. אמת, ניט אויף לאַנג. אַלע פאָרשער פון דער קינדהייט־ליעבעס פון אינגלעך און מיידלעך זאָגען, אַז די דאָזיגע ליעבעס פערגעהען זעהר שנעל. פון הונדערט מיטעל־שול־מיידלעך, וועלכע מען האָט אויסגעפרעגט וועגען דעם, האָבען נור צוויי מיידלעך חתונה געהאַט זייענדיג נאָך אין שול און איינע פון זיי האָט זיך טאַקי גאָר אינגיכען גע'גט מיט'ן מאַן. דאָס בעווייזט, אַז דער בחור, מיט וועלכען דאָס מיידעל פון אכצעהן יאָהר וויל אַנטלויפען אָהנ'ם וויסען פון איהרע עלטערען, ווערט שפּעטער מיט עטליכע יאָהר אין גאַנצען פערגעסען. מיידלעך דאַרפען זיין פאָרזיכטיג, ניט נעמען צו ערנסט יעדען קאַפּריז זייערען און יעדע פאַנטאַזיע. האָ־בענדיג חתונה ווען זיי זיינען אַלט נײַנצעהן אָדער צוואַנציג יאָהר, זיינען מייסטענטיילס אונזערע מיידלעך גאָרניט צוגעגרייט צו אַזאַ וויכטיגען שריט. זיי ווייסען ניט, וואָס געשלעכט איז און פאַלען אָפּט אַריין. די נאַטור האָט זיי שוין געוואָרענט, אָבער זיי הערען ניט די שטימע פון דער נאַטור פשוט דערפאַר, וואָס מען האָט זיי ניט געלערענט צו פערשטעהן דאָס נאַטירליכע.

קאַפּיטעל 4.

# אַנאַטאָמישעס.

איצט וועלען מיר רעדען וועגען די יאהרען פון פובערטעט, ד. ה. יענע יאהרען ווען דאָס מיידעל אדער איינגעל ווערט פעהיג צום געשלעכטליכען לעבען. פערשידענע שרייבער נעברויכען דאָס וואָרט אין פערשידענע זינען — אנעדער מיינען דערמיט אלע יענע יאָהרען, אין וועלכע דער מאַן אדער פרוי האָבען נאָך קראַפט צו לעבען געשלעכטליך און האָבען קינדער, וואָס דאָס זיינען געוועהנליך די יאָהרען צווישען פערצעהן און פינף־און־פערציג. אַנדערע פערשטעהען פובערטעט אַנדערש. מיר בעצייכענען דערמיט די יאהרען, ווען דאָס מיידעל אָדער איינגעל ווערט געשלעכטליך רייף און אז ס'איז אזוי בעוויזט דאָס מאָנאַטליכע ביי מיידלעך און דער ספּערמען־אויסגוס ביי'ם איינגעל.

ביי די ווילדע פעלקער איז דער מאָמענט פון געשלעכטליכער רייפקייט אַ גאַנץ געשעהעניש. דאָס ווערט געפייערט מיט טענץ און שפּיל, עס איז א הייליגער מאָמענט אינ'ם לעבען פון דעם אונרייפען, וואָס איז געוואָרען איצט ווי אַלע. אַנדערע שבטים זיינען מל זייערע קינדער, אַנדערע טהוען זיי אָן פערשידענע יסורים און פּייניגען, כדי אויסצופּרואווען דעם איינגעל'ס מוטיגקייט און ווידערשטאַנדסקראַפט. דאָס מיידעל ווערט אויך אונטערוואַרפען פערשידענע פּיינפּולע צערעמאָניען און זאָל זי נור א געשריי טהון אָדער אויף אן אנדערען וועג געבען צו פיהלען, אז זי האָט מורא און קען ניט פערטראַגען די יסורים, ווערט דאָס בעטראַכט פאַר א שאַנדע און דאָס מיידעל ווערט ארויסגעטריבען פונ'ם שבט. עלים דערצעהלט וועגען די אינדיאַנער פונ'ם יומאַ שבט אין קאַליפאָרניא, אז ביי זיי איז מען זיך אזוי נוהג: ווי נור זיי דערזעהען די ערשטע שפּורען פון מענסטרואַציאָן, וויקעלט מען דאָס מיידעל איין אין ליילעכער און מען לעגט זי אריין אין א וואַרימען גרובען. פיער טעג ליגט זי דאָרט; די אַלטע פרויען פונ'ם שבט טאַנצען ארום איהר און האלטען אין איין זינגען: זיי שענקען מטבעות, ווייץ, געוואַנד כדי די מיידלעך זאָלען זיך געוואוינען צו גרויסמוטיגקייט און פערשיטען די מיידלעך מיט ווילדע זאָמען זיי זאָלען האָבען אין צוקונפט א ברייטע האַנד.

אזעלכע און ענליכע צערעמאָניען פּראָווען כמעט אַלע ווילדע פעלקער, אין דערזעלבער צייט דערצעהלען זיי די קינדער פון די פליכטען פון פערהייראַטען לעבען, פון געשלעכטליכע בעציהונגען. זיי זיינען דערביי גאַנץ אָפענהערציג, בעהאַלטען גאָר ניט און דאָך זיינען די אַלע ווילדע פרויען זעהר עהרליך און טוגענדהאַפט. פרעגט זיך צו וואס דערצעהל איך דאָס? וואָס האָבען די ווילדע פעלקער צו טהון מיט דעם, וואס יעדע מיידעל דאַרף וויסען? גאָר־ניט און זעהר פיעל. אונז איז וויכטיג צו וויסען, אז ווילדע פעלקער האָבען מיט טויזענדער יאָהרען צוריק שוין פערשטאַנען, ווי נויטיג עס איז צו דערצעהלען דעם אמת וועגען געשלעכט די קינדער און אונזער ציוויליזאַציאָן איז נאָך אַלץ היפּאָקריטיש און האָט מורא פאר'ן אמת.

רעדענדיג וועגען געשלעכטליכער רייפקייט, מוזען מיר זיך בעקענען מיט די רייף געוואָרענע אָרגאַנען פון רעפּראָדוקציאָן. ביז אהער האָט מען אין די פּאָלקסשולען גערעדט וועגען פיזיאָלאָגיע בכלל, אָבער ניט וועגען די געשלעכטס־אָרגאַנען. וויל א מיידעל נעמען אין ביבליאָטעק ביכער וועגען דעם ענין, פרעגט איהר די ביבליאָטעקארין: זייט איהר מעדיקער אָדער אקושערין אדער א שפּיטאָל־שוועסטער? אז ניט, גיט מען איהר ניט דעם בוך. ווייסט טאקי ניט האָס דורכשניטליכע מיידעל גאָרניט וועגען די געשלעכטליכע אָרגאַנען און דעריבער מוזען מיר געבען אינפאָרמאַציאָן, ניט בעהאַלטענדיג זיך הינטער פערנעבעלטע פראַזען.

די וויכטיגסטע געשלעכטסטיילען זיינען: די געבירמוטער, דער אייערשטאָק, די פאַלאָפּיען־רעהרען, וואגינא און ברוסטען.

דער אייערשטאָק איז א דריזע אזוי גרויס ווי א מאַנדעל און האָט דיזעלבע פאָרם וואס א מאַנדעל. פאַרהאַן צוויי אייערשטאָקען אין יעדען פרויען־אָרגאַניזם, איינער רעכטס, איינער לינקס פונ'ם עקסטרעם־נידריגסטען טייל פונ'ם בויך, זיי זיינען איינגעפּאַסט אין געוועבען און גרויסע בענדער, וואס האָבען נאָך א צוועק: צו האַלטען די געביר־מוטער אויף איהר אָרט. אין יעדען אייערשטאָק געפינט איהר טויזענדער קליינע אייערלעך, וואס ליגען דאָרט פון דער געבורט פון דער מיידעל אָן. עס ווערט גערעכענט, אז פון צוואנציג ביז פופציג טויזענד אייערלעך האָט יעדער אייערשטאָק בשעת געבורט. אין דעם אייערשטאָק ווערען די אייערלעך ענטוויקעלט און רייף. אין דער צייט פון פּובערטעט זיינען די אייערלעך

אין פערשיערענע שטופען פון ענטוויקלונג, איינע מעהר, אנדערע— ווענינער. די אייער, וועלכע זיינען אינ'ם צענטער פונ'ם אייערשטאָק ווערען פריהער רייפער, זיי רייסען זיך ארויס דורך דעם צודעק פונ'ם אייערשטאָק, ווערען אונטערגעכאפט פון די עקען פון די פאלאָ־פיענרעהרען, וועלכע זיינען אין א שטענדיגער בעוועגונג און א דאנק דער דאָזיגער בעוועגונג ווערט דאָס איי אריינגעשמיסען פון די רעהרען אין די געבירמוטער אריין.

די פאלאָפיען־רעהרען זיינען ארום פיער־און־א האלב אינטש לאנג און פערבינדען די אייערשטאָקען מיט דעם אויבערשטען, דרוי־סענדיגען ווינקעל פון דער געבירמוטער. די דאָזיגע רעהרען שפּי־לען א גרויסע ראָל, זיי דארפען איבערטראָגען די אייער פונ'ם אייערשטאָק צו דער געבירמוטער. עס טרעפט, אז די ספּערמען־צעל פונ'ם מענליכען אָרגאניזם בעגעגענט זיך אינ'ם פאלאפיען־רעהר מיט דעם ווייבליכען איי און בעפרוכטעט דאָס איי; אבער דאָס איז ניט דאָס נעסט, וועלכעס די נאטור האָט אויסגעקליבען פאר דער ענטוויקלונג פונ'ם איי און אויב דאָס בעפרוכטעטע איי וועט ניט צוריקקעהרען זיך אין דער געבירמוטער, זיינען מעגליך ערנסטע קאָמפּליקאציאָנען און אָהן אָן אָפּעראציאָן קען מען זיך ניט בעגעהן. די בעפרוכטונג אינ'ם פאלאָפיען־רעהר איז זעהר זעלטען, אָבער האָך מעגליך.

דער וויכטיגסטער אָרגאן איז די געביר־מוטער. דאס איז א לעדיגער מוסקול־אָרגאן אין וועלכען דאָס איי, וואָס קומט פון די פאלאָפיען־רעהרען ווערט בעפרוכטעט פונ'ם מענליכען זרע. נאָכ־דעם ווי דאָס איי איז שוין בעפרוכטעט געווארען, בלייבט זי אין דער געבירמוטער, נעהרט זיך און ענטוויקעלט זיך אזוי לאנג ווי ענטוויק־לונג איז מעגליך, ד. ה. ביז דאָס ענטוויקעלטע איי ווערט ניט ארויסגעשטויסען פון דער מוטער'ס בויך, ביז דאָס קינד ווערט ניט, ווי מיר רופען עס, געבאָרען. די געבירמוטער איז ארום דריי אינטש לאנג, און לויט איהר פאָרם איז זי עהנליך צו א באר, ווען מיר האלטען זי מיט'ן קלענערען עק ארונטער. די געבירמוטער איז ניט פערבונדען מיט עפּעס א פעסטען, ביינינגען טייל, זי ווערט איינגע־האלטען אין איהר אָרט פון בענדער און געוועבען, וואס ערלויבען איהר צו בעוועגען זיך צוזאמען מיט'ן גאנצען קערפּער. דאָס אינ־טערעסאנטעסטע איז וואס די געבירמוטער מיט איהרע עטליכע אינטש לענג קען זיך אויסציהען און צוציהען אויף אזוי פיעל, אז




פיג. 1.

געבירמוטער, רעהרען און אייערשטאָק. רעכטס — דער אייערשטאָק און פאַלאָפּיען־רעהר אַ געעפענטע. **A**) די געביר־מוטער. **B**) דער אייער־שטאָק. **C**) דער פאַלאָפּיען־רעהר.

דאָס קינד זאָל אין איהר ליגען בעקוועם. זי ווערט דאמאלס 19-21 אינטש לאנג. מעגליך איז דאָס דערפאר, ווייל זי איז 1-1½ אינטש דיק און בעשטעהט פון שיכטען מוסקולען, וועלכע זיי־נען שטייף און אין דערזעלבער צייט פלאסטיש. דאָרט וואו די געבירמוטער ענדיגט זיך איז פאַרהאַן א עפענונג, וואס פיהרט אין דער שייד אריין. דורך דער דאָזיגער עפענונג דרינגט די מענ־ליכע ספערמע אין דער געבירמוטער אריין. פון דעם אלעמען זעהען מיר, אַז די געבירמוטער איז דאָס נעסט אָדער דאָס וויגעל אין וועלכען דאָס איי לעבט און ענטוויקעלט זיך, ביז עס ווערט גענוג שטארק צו לעבען אין אַן אנדער סביבה.

די שייד איז אַ מוסקולען דורכגאַנג, עהנליך צו אַ רעהר, וועל־כער ציהט זיך פון דעם קליינערען עק פון דער געבירמוטער און פערענדיגט זיך מיט אַ עפענונג, וועלכע איז געוועהנליך ביי מיידלעך, וואָס האָבען ניט געלעבט געשלעכטליך, פערצויגען מיט אַ דינער הייטעל. די ווענטלעך פון דער שייד זיינען אויך זעהר דיק און עלאסטיש. אָפטמאָל הייסען די טיילען דער געבורטס־קאנאל. ניט וועניג האָבען מעדיקער די לעצטע יאהרען דיסקוטירט וועגען דעם דאָזיגען יונגפרוי־הייטעל. אמאָליגע צייטען האָבען אלע געמיינט, אז א פרוי, וואס האָט ניט דאָס דאָזיגע הייטעל, איז אַן אויסגע־לאסענע און האָט שוין געהאט צו טהון מיט מענער. דאָס פלעג פיהרען אפט צו ערנסטע צוזאמענשטויסען אין פאמיליען־לעבען. נאָך איצט מיינט יעדע דורכשניטליכע מיידעל, אז א סימן פון גע־שלעכטליכער ריינהייט און אונשולד איז דאָס, וואָס דאָס הייטעל איז אויף איהר אָרט. וויסענשאַפטליכע פאָרשונג האָט בעוויזען, אז די אלע אלטע בעגריפען האָבען קיין שום ממשות ניט. עס זיינען בע־קאַנט פרויען, וואס האָבען פראַסטיטואירט פיער און פינף יאהר און זייער יונגפרוי־הייטעל איז געוועזן גאַנץ און ניט־געריהרט. עס איז וויכטיג צו וויסען, אז דאָס הייטעל האָט ניט דיזעלבע גרויס און פאָרם ביי אלע פרויען. אנדערע פרויען האָבען פון געבורט אָן קיין הייטעל ניט. אָפט בעגעגענען די ספעציאליסטען קליינע מיידלעך און זויג־קינדער אָהן א יונגפרוי־הייטעל. עס קען צופעליג צו־שטערט ווערען אדער ליידען פון א אָפעראציאן אדער א ניט־אויפ־מערקזאמער אונטערזוכונג פון א דאָקטאָר. דאָס הייטעל איז ביי אנדערע פרויען אזוי דין, אז עס ווערט צוריסען זעהר לייכט; ביי אנדערע איז דאָס הייטעל פעסטער און ווערט ניט אזוי שנעל צו־

שטערט. עס טרעפט, אז דער דאָקטאָר קומט נעמען דאָס קינד בײי א געװױנערין און צו זײן פערוואונדערונג געפינט ער א ניט־געריהרט הײטעל. דאָס אלץ בעווייזט, אז ניט דאָס, וואס דאָס הײטעל איז ניט־געריהרט און ניט דאָס, וואס עס איז צושטערט, איז עפּעס א סימן פון אונשולדיגקײט און געשלעכטליכע רײנקײט אדער אונרײנקײט.

---

קאַפּיטעל 5.

## דאָס מאָנאַטליכע.

ווי נור דאָס מײדעל דערגרייכט די פּובערטעטס־יאהרען, הױבט זיך אָן אין איהר אָרגאניזם א נייער, זעהר וויכטיגער פּראָצעס. אינ'ם אײערשטאָק ווערען רייף די אייערלעך און ווערען ארויסגעשטויסען פון איהם. דער פּראָצעס, וועלכער הײסט אויפ'ן וויסענשאַפטליכען לשון אוואולאציאָן, ווידערהאָלט זיך יעדע אכט־און־צוואנציג טעג. דער פּראָצעס איז שטארק פערבונדען מיט'ן מאָנאַטליכען, אָבער דאָס איז נאָך ניט דאָס מאָנאַטליכע. געוויסע שרייבער בעהויפּטען, אז די אייער ווערען ארויסגעשטויסען פונ'ם אייערשטאָק ניט נור אין דער מאנסטרואציאָנס־צייט. יעגער געהט אזוי ווייט, אז ער זאגט, דאָס יעדע זעקס שטונדען פערשווינדט אן איי פונ'ם אייערשטאָק. עס זיינען פאראן פערשידענע טעאָריען פון אָוואולאציאָן. די אלגעמיינסטע און פערשפּרייטסטע טעאָריע איז יענע, וואָס בעהויפּטעט אז דער דערמאָנטער פּראָצעס געשעהט יעדע אכט־און־צוואנציג טעג.

ווען דאָס איי ווערט רייף, וואנדערט עס פון דעם אייערשטאָק דורך די פאלאָפּיען־רעהרען צו דער געבירמוטער. אין דער געבירמוטער איז אין דער צייט א גרעסערער בלוט־צופלוס ווי געוועהנליך, דער אָרגאן האָט זיך צוגעגרייט אויפצונעמען דאָס איי. דאָס אינוויינינגסטע פון דער געבירמוטער איז געווארען ווייך און גלאט; די צעלען זיינען אָנגעשוואָלען, האָבען זיך פערמעהרט: זיי זיינען גרייט צו נעהרען דאָס אונקומענדיגע איי. ווערט דאָס איי בעפרוכטעט פונ'ם מאן, בלייבט עס אין דער געבירמוטער. אָבער איז דאָס איי געבליבען ניט בעפרוכטעט, ווערט עס ארויסגעשטויסען צוזאמען מיט'ן בלוט און אנדערע שטאָפען, וואָס האָבען געווארט אויפ'ן איי. די צעלען פּלאצען און בעפרייען זיך פון די שטאָפען,

וואָס זיינען אין זיי געווען. דאָס בלוט, די אונגנויטיגע צעלען און אלעס איבריגע שפּארט ארויס פון דער געבירמוטער אינ׳ם אזוי־גערופענעם מענסטרואציאָנס־שטראָם.

מענסטרואציאָן האָט א מיידעל יעדע פיער וואָכען. זי הויבט אָן צו מענסטרואירען, ווען זי ווערט געשלעכטליך־רייף און כל זמן זי האָט ניט פערלאָרען די פעהיגקייט צו האָבען קינדער, ד. ה. געוועהנליך ביז 45־50 יאהר האָט זי דאָס מאָנאַטליכע. דאָס איז אָבער געזאָגט געווארען נור אין דעם פאַל, ווען דאָס איי ווערט ניט בעפרוכטעט. ווערט דאָס איי בעפרוכטעט, הויבט די פרוי אָן צו שוואַנגערען — האָט זי שוין ניט דאָס מאָנאַטליכע און דאָס איבריגע בלוט פליסט שוין ניט ארויס, נאָר בלייבט און נעהרט דאָס נייע לעבען אין דער געבירמוטער; ערשט נאָכדעם, ווי דאס קינד איז געבוירען געווארען, האָט די פרוי ווידער דאָס מאָנאַטליכע. ווען זי גיט דעם קינד אליין צו זויגען, מענסטרואירט זי ניט.

עס איז ניטאָ קיין בעשטימטע צייט, ווען יעדעס מיידעל מוז אָנהויבען צו האָבען דאָס מאָנאַטליכע. דאָס העננט אָב פון יעדען איינצעלנעם אָרגאניזם. דער קלימאַט האָט אויך א ווירקונג. מיידלעך אין די ווארימע, זידליכע לענדער ווערען פריהער רייף, ווי די מיידלעך אין די קעלטערע לענדער. אין די פעראייניגטע שטאַאַטען הויבט א מיידעל אָן צו מענסטרואירען, ווען זי איז אלט פערצעהן יאהר. אבער דאָס איז ניט א געזעץ פאר אלע. ס׳איז בעקאַנט, אז מיידלעך פון עלף יאהר האָבען שוין מענסטרואירט און פערלעהרט זיינען געווען אויך אזעלכע, וואס האָבען ניט געהאט דאָס מאָנאַטליכע ביז אכצעהן יאהר. און אין אזעלכע אויסנאַמס־פאַלען זיינען די דאָזיגע מיידלעך געווען געזונד און נאָרמאַל. דאָס בעווייזט, אז אויב א מיידעל האָט נאָך ניט קיין מאָנאַטליכע צו פערצעהן יאהר, איז ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך, אבי זי איז בכלל געזונד און פיזיש־נאָרמאַל. אין דעם משך פון די ערשטע עטליכע יאהר, וואס דאָס מיידעל האָט אָנגעהויבען צו מענסטרואירען, זיינען איהרע מאָנאַטליכע ניט זעהר רעגעלמעסיג. דאָס איז דערפאר, וואס איהרע געשלעכטליכע אָרגאנען זיינען ניט גענוג ענטוויקעלט. עס טרעפט, אז דאָס מיידעל האָט געהאט דאָס מאָנאַטליכע דאָס ערשטע מאָל אין איהר לעבען און דערנאָך פערגעהען דריי מאָנאַטען און פינף און אכט און אמאָל א יאהר, ביז זי האָט נאָכאמאָל מענסטרואציאָן. אזא אונרעגעלמעסיגקייט געדויערט געוועהנליך די

ערשטע צוויי יאהר, דערנאָך שטעלט זיך עס איין. עס האָט געטראָפען, אז מיידלעך, וואס האָבען געהאט רעגעלמעסיג זייערע מאָנאַטליכע אין אייראפּא, האָבען, קומענדיג אהער, ניט געהאט קיין מענסטרואציאָן א יאהר צייט און אמאָל מעהר. דאָס נעמט זיך פונ'ם איבערבייטען דעם קלימאט. געוועגליך דויערען די דאָזיגע אונרעגעלמעסיגקייטען נור א פּאָר מאָנאטען און האָבען זיך די מענסטרואציאָנען שוין איינגעשטעלט, דארף מען ניט ווערען צו נערוועז, ווען זיי פערשפּעטיגען זיך אמאָל אויף א פּאָר טעג אדער קומען פריהער.

ווי לאנג דויערט יעדעס מאָל די מענסטרואציאָן? אויף דער פראגע קען מען ניט געבען קיין ענטפער, וואס זאָל קענען ווערען אָנגעווענדט צו יעדען פאַל. דורכשניטליך דויערט עס פיערפינף טעג. אָבער עס זיינען פאַרהאַן פרויען, וואס האָבען דאָס מאָנאַטליכע א גאנצע וואָך און ביי אנדערע דויערט עס א פּאָר שעה. פערשטעהט זיך, דאָס זיינען אויסנאַהמען. איבריגענס איז ניט אזוי וויכטיג ווי לאנג דאָס מאָנאַטליכע דויערט, ווי דאס וויפיעל בלוט די פרוי פערלירט. דאָס איז, פערשטעהט זיך, שווער צו בעשטימען, אָבער אין אלגעמיינעם, זאגען דאָקטוירים, אז א פרוי דארף ניט בעדאַרפען מעהר ווי דריי שוץ־וואטען־פּעקלעך אין פיער־און־צוואַנציג שטונדען. אלע פרויען פערלירען די ערשטע צוויי טעג מעהר בלוט, ווי אין די שפּעטערדיגע טעג.

אין דער צייט פון מענסטרואציאָן דארף דאָס מיידעל מעהר אין זין האָבען איהר געזונדהייט, ווי געוועגליך. א מיידעל, וואס דארף ארבייטען פון אינדערפריה ביז נאכט, איז שווערער צו איבערטראגען דאָס מאָנאַטליכע די ערשטע צוויי טעג. זי איז נערוועז, פיהלט זיך שלעכט, אבער צום בעדויערען קען מען די ארבייטער־מיידלעך קיין שום עצה ניט געבען.

דאָקטוירים זאגען, אז מיידלעך דארפען אין דער צייט פון מענסטרואציאָן לעבען, ווי געוועגליך, טהון די געוועגליכע ארבייט, אָבער זיין פאָרזיכטיג. פאַרהאַן שטארקע פרויען, וואָס דאָס מאָנאַטליכע ארט זיי גאָרניט. זיי פיהלען גאָרניט, אז זיי האָבען עס. אבער דאָס איז א זעלטענהייט. דאָס געוועגליכע דורכשניטליכע מיידעל אין די פּעראייניגטע שטאאטען איז ניט אזוי שטארק, אז זי זאָל ניט פיהלען קיין וועהטאָג און אונאנגענעמליכקייטען די ערשטע צוויי טעג. פון טויזענד מיידלעך, וועלכע מען האָט געשטעלט די

פראגע, צי פיהלען זיי עפּעס א וועהטאָג אין דער צייט, האָבען נור זעכצעהן פון הונדערט געענטפערט, אז זיי טהוט אבסאָלוט גאָר־ניט וועה. דאָס הייסט, אז די מאַיאָריטעט מיידלעך האָט וועה־טאָגען די ערשטע טעג. עס איז שוין צייט מיידלעך זאָלען זיך ניט שעהמען מיט'ן מאָנאַטליכען. די ארבייטענדע מיידלעך מעגען פאָ־דערען פון זייערע בעלי־הבת'ים אז זיי זאָלען זיי לאָזען וועניגסטענס א טאָג פריי אויף זייער חשבון. לויט דער ביבלישער אויפפאסונג איז די פרוי אין דער צייט פון מענסטרואציאָן אן אומריינע; פון דעם דאָזיגען נאַרישען קוק האָט זיך די פרוי ניט געקענט בעפרייען ביז דער לעצטער צייט. זי וועט בעסער ליידען די גרעסטע יסורים און וועט ניט לאָזען פיהלען די מענער־ארבייטער, אז זי האָט דאָס מאָנאַטליכע. א שאַנדע! אָבער איז דאָס ניט אונזין? פאר־וואס זאלען פרויען ניט פעראייניגען זיך אין איין גרויסען שוועס־טערליכען פערבאנד, כדי צו שיצען איינע די אנדערע פון עקספּלו־אטאציאָן? מיידלעך ליידען פון קאָפּ־וועהטאָג, עס ברעכט זיי די זייט, שניידט אינ'ם רוקען, אין בויך, זיי ווילט זיך ברעכען, זיי זיינען נערוועז און אויפגערעגט און דאָך וועלען זיי זיצען ביי דער מאשין אדער שטעהן אין געשעפט א גאנצען טאָג און ביי נאכט — אין א איבערגעפילטען צוג אָנהענגען זיך אויף א רימען און — שוויינען, קיין וואָרט ניט זאָגען. ווי לאנג וועלען דאָס ארבייטער־פרויען איבערטראגען?

מען דארף ניט פערגעסען, אז מעהר פון אלעמען ליידען אין דער צייט פון מאָנאטליכען די נערוועז. זיי דארפען געשטארקט ווערען. דאָס בעסטע איז דעריבער זיין רוהיג, שלאָפען וואָס מעהר. קען דאָס מיידעל ניט אויספיהרען צו בלייבען אין דער היים און מוז ארבייטען, זאָל זי יעדענפאלס זעהן לעגען זיך שלאָפען וואָס פריהער, ווען זי קומט שוין פון דער ארבייט. שלאָף איז דאָס בעסטע מיטעל, וואס בערוהיגט די נערוועז.

צום גליק, זיינען אין שול די לעהרערינס גוט צו מיידלעך און פאָדערען ניט אזוי פיעל, ווען זיי בעמערקען, אז זיי האָבען דאָס מאָנאטליכע. דאָס איז זעהר שעהן פון די לעהרערינס זייט. אזוי לאנג, ווי דאָס מאָנאטליכע האָט זיך נאָך ניט איינגעשטעלט, קען איבריגע שול־ארבייט זעהר שעדליך זיך אָברופען אויף דער מיי־דעל'ס געזונדהייט.

אין צייט פון מענסטרואציאָן איז ניצליך, לויט מיין מיי־

נונג, זיך איינרייבען דעם קערפּער מיט קאַלטען וואַסער, נעמען וואַ־רימע וואַנען, עסען נאַהרהאַפטע שפּייזען, שלאָפען אַ ניין־צעהן שעה. אויב דער מאָגען איז אין אָרדנונג, פיהלט מען זיך פיעל בעסער. עס איז דעריבער זעהר וויכטיג, אַז יעדעס מיידעל זאָל אויפּפּאַסען אויף איהר מאָגען.

פאַרהאַן אַבנאָרמאַליטעטען אין דעם מענסטרואַציאַנס־פּראָ־צעס: אָדער דאָס מיידעל האָט זעהר שטאַרקע וועהטאָגען אָדער צופיעל בלוט פערלירט זי אָדער דער בלוט־פלוס איז גאָר אַ שוואַכער. מייסטענטיילס הענגען די אַלע אוננאָרמאַליטעטען אָב ניט פון עפּעס אַ קראַנקהייט פון די געשלעכטליכע אָרגאַנען, נור פון דער אַל־געמיינער שוואַכקייט פון אָרגאַניזם. איז דער אָרגאַניזם געזונד, איז מענסטרואַציאָן אַ געוועהנליכע, איינפאַכע פונקציאָן, וואָס שטערט ניט די געוועהנליכע ענטוויקלונג פון׳ם אָרגאַניזם.

---

קאַפּיטעל 6.

# אָנאַניזם.

ווי מיר האָבען שוין ערקלערט, איז מענסטרואַציאָן דער ערש־טער סמן פון געשלעכטליכער רייפקייט פון׳ם מיידעל. דער גע־שלעכטליכער אימפּולס לאָזט זיך אָבער פיהלען נאָך אויף אַנדערע וועגען, בעזונדערס אין שלאָף. איהר זייט אַנשלאָפען געוואָרען, אָבער די לעבענס־פּראָצעסען זיינען ניט אָבגעשטאַרבען, איהר האָט חלומות און אין די חלומות שפּילט דאָס געשלעכטליכע אַ גרויסע ראָל. פון דער געבירמוטער טריפט אַרויס עפּעס קלעבינעס: עפּעס האָט זיך אָנגעקליבען אין אָרגאַניזם און רייסט זיך אַרויס. ביי יונגע מיידלעך טרעפט זיך דאָס זעלטען, אָבער אין די שפּעטערע יאָהרען קען דאָס זיין גאַנץ אָפט. בעזונדערס ביי פרויען, וואָס האָבען געלעבט געשלעכטליך און זיינען געצוואונגען געווען אָדער האָבען זיך מיט׳ן אייגענעם ווילען אָבגעזאָגט פון געשלעכטליכען לעבען, ווי יונגע אַלמנות צום ביישפּיעל. פרויען פיהלען זעלטען, אַז זיי האָבען געהאַט אַזעלכע נאַכט־פּאָלוציאָנען און דעריבער טאַקי איז דאָס פאַר זיי ניט אַזוי שעדליך, ווי פאַר מענער.

רעדען מיר פון פּאָלוציאָנען, וועט ניט זיין איבריג אָבצושטע־לען זיך אַ ביסעל אויף דער ענטוויקלונג פון׳ם אינגעל. ווערענדיג געשלעכטליך רייפער, לעבט ער איבער אַ זעהר וויכטיגע עוואָלו־

ציאַן: זיין שטימע בייט זיך, האָר בעווייזען זיך אויפ'ן געזיכט און אין אַנדערע טיילען פון קערפּער, אָבער די וויכטיגסטע ענ־דערונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט איהם, איז דאָס, וואָס פון צייט צו צייט האָט ער פּאָלוציאָנען: אין שלאָף ביי נאכט און אמאָל אויך ביי טאָג פליסט ביי איהם ארויס עפּעס קלעפּיגעס, גערדיכטס. יעדער נאָרמאַלער אינגעל האָט אזעלכע פּאָלוציאָנען. דאָס איז ניט קיין קראנקהייט, נור א גאַנץ נאטירליכע זאַך. עס איז פאַר־האַן א געוויסע ענליכקייט צווישען די פּאָלוציאָנען און דעם מאָ־נאטליכען, אָבער אויך — גרויסע אונטערשידען. די פרוי האָט דאָך מאָנאטליכע אין א בעשטימטער צייט, אבער די פּאָלוציאָנען זיינען ניט אָבהענגיג פון צייט; זיי קומען פאָר אין פערשיעדענע צייטען, אָפט צוויימאָל א מאָנאט. דאָס מאָנאטליכע דויערט לאַנג, פון צוויי טעג ביז זיבען און די פּאָלוציאָנען — א פּאָר סעקונדען. דאָס מאָנאטליכע איז אָפט פערבונדען מיט גרויסע שמערצען, די פּאָלוציאָנען — קיינמאָל ניט: דאָס איז אינגאַנצען א שמערצ־לאָזער פּראָצעס און א נאָרמאַלער. אַן אבסאָלוט נאָרמאַלער. פּאָ־לוציאָנען זיינען ניט קיין סמן פון פיזישער שוואכקייט אָדער גע־שלעכטליכער שוואכקייט, נור גראָד פאַרקעהרט; זיי בעווייזען, אז דער אָרגאַניזם ענטוויקעלט זיך נאָרמאַל און שטויסט ארויס די איבריגע, אונגוּיטיגע שטאָפען.

דער אָרימער אינגעל, וואָס ווייס ניט וואָס פיזיאָלאָגיע איז, ווערט אָבער שטארק דערשראָקען, אויפגעפּעפּענדיג זיך און דער־זעהענדיג שפּורען פון עפּעס א פליסיגקייט אויפ'ן לייב אָדער בעט־געצייג. שאַרלאַטאַנען־דאָקטוירים עקספּלואַטירען די אונערפאַרענ־קייט און אונוויסענהייט פונ'ם יונגערמאַן. זיי שרעקען איהם, רעדען איהם איין, אז דאָס איז א סמן פון קראַנקהייט, פון שוואַכ־קייט. דאָס אינגעל ווענדט זיך צו חברים, צו עלטערען אמאָל, ער דערצעהלט זיי, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט. די חברים מאַכען אַן אָנשטעל, אז זיי זיינען גאַנצע ווייסער, שאָקלען מיט'ן קאָפּ, הייסען איהם נעמען מיטלען, עפּעס טהון, ד. ה. געהן צו א גאַסען־פרוי. אונוויסענדע עלטערען זיינען ניט בעסער אָפט פון נארישע אינגלעך, וואָס קאָקעטירען מיט זייער ערפאַרענקייט; זיי גיבען דיזעלבע פערברעכערישע עצה זייער קינד, זיי דעמאָראַליזירען איהם, זיי טרייבען איהם מיט אייגענע הענד אינ'ם הויז פון שאַנ־דע. זיי רעדען איהם איין, אז ער מוז האָבען געשלעכטליכע פער־בינדונגען אָדער ער בלייבט אויף שטענדיג אונפעהיג צום געשלעכט־

ליכען לעבען. דאָס איז אַלץ אַ שעדליכער ליגען. אַן איינרעדע־ניש. אַ נאַרישער אבערגלויבען. קיינעם שאדט ניט דאָס, וואָס ער לעבט ניט געשלעכטליך אין די אינגערע יאָהרען. מיט אזעלכע איינרעדענישען מאַכען מיר אומגליקליך אונזערע קינדער, עפּענען זיי אַליין די טירען פונ'ם הויז פון שאַנדע און שטעלען אין קאָן זייער געזונדהייט און, גאַנץ אָפט, זייער לעבען.

מיר קעהרען זיך צוריק צו די נאַכט־פּאָלוציאָנען. דאָס אינגעל האָט זיך אויפגעכאַפּט, ער האָט אַ געפיהל, אַז איהם איז געוואָרען לייכטער, איהם איז גוט, אַנגענעהם. אויב איהר וואָרענט איהם ניט, אַז ס'איז שעדליך, וועט ער אַליין פּרואווען קינסטליך ארויס־רופען אזא געפיהל, ד. ה. ער וועט אָנהויבען אָנאַנירען, זיך צוגע־וועהנען צו דער שעדליכער מאַניפּולאַציאָן און פּערדערבען זיין געזונדהייט און לעבען. דאָס איז אַ גרויסע געפאַהר, וואָס לויערט אויפ'ן אינגעל, אַזוי ווי אויפ'ן מיידעל. יאַ — אויפ'ן מיידעל אויך, ווי אונגלויבליך דאָס וועט זיך דוכטען אייך, ווייל מיידלעך אָנאַ־נירען אויך. אַ מיידעל מעג ניט פיהלען, אַז זי האָט געהאַט נאַכט־פּאָלוציאָנען, זי מעג גאָרניט וויסען דערפון, אָבער איהרע נערוועז ווערען גערייצט און אָנגעשטרענגט פון דער איבערפילטקייט פון די שוין ענטוויקעלטע געשלעכטליכע אָרגאַנען. פון דעם ראָזיגען געפיהל צום אָנאַנירען איז נור איין שריט. דאָס מיידעל רעדט מיט איהרע חבר'טעס וועגען איהר מאָנאַטליכען און אַנדערע גע־שלעכטליכע ענינים, ווערט אויפגערעגט און ניט האָבענדיג נאָך קיין שטאַרק־ענטוויקעלט געשלעכטס־בעדערפעניש, פּרואווט זי זיך דער־ווייל בעפרייען פון עפּעס אַן אונאַנגענעהמען געפיהל, וואָס דריקט איהר: זי אָנאַנירט. אָפט איז דאָס די שולד פון דער אַם אָדער מוטער: דאָס קינד שרייט, ווייל די אַם אָדער מוטער עס בערו־היגען. זיי גלעטען די געשלעכטליכע טיילען, פערשלעפערענדיג דערמיט דאָס קינד און אַזוי ווערט דאָס קינד פון דער פריהעסטער יוגענד צוגעוועהנט צו דער ספּעציפישער אויפרעגונג, וואָס איז פערבונדען מיט'ן אָנאַנירען. אַנדערע אורזאַכען, וואָס טרייבען צום אָנאַניזם, זיינען אומריינקייט, צו שטייפע קליידונג, הויט־בייסע־ניש. דעריבער דאַרפען עלטערען זעהן אַז די קינדער זאָלען זיין ריין, לויז געקליידט און אויסמיידען יעדע אויפרעגונג פון דער הויט.

עס טרעפט, אַז קליינע קינדער אָנאַנירען אין דער אָנוועזענ־הייט פון זייערע עלטערען, אָבער יענע פערשטעהען ניט, וואָס דאָס איז, זיי האָבען ניט געהערט פונ'ם אָנאַניזם. זעהען זיי, אַז דאָס

קינד זוינט דעם פינגער, מאכען זיי זיך דערפון ניט: ס'איז דאָך א קינד. זעהען זיי, אז דאָס קינד פאַרעט זיך ארום די געשלעכט־ליכע טיילען, זאָגען זיי אויך: א קינד. און אַזוי לאָזט זיך דאָס קינד אריין אין דער שלעכטער געוואוינהייט און רואינירט זיין אָר־גאניזם.

אנדערע עלטערען מיינען, אז אין דער שולע זיינען שוין די קינדער זיכער. אוועק פון הויז — אַוועק פון אויג. זיי אַרט ניט, וואָס די קינדער טהוען אין דער שולע. דאָס איז א גרויסער פעה־לער. מיר דאַרפען זיך אינטערעסירען מיט דעם צייטפערטרייב פון די קינדער אין שולע. דאָרט לערנען זיי זיך אָפט אויס צו אָנאַ־נירען. אין יעדער שולע בעגעגענט איהר אינגלעך און מיידלעך, וואָס אָנאַנירען. א פּאָר פערדאָרבענע אינגלעך אָדער מיידלעך קע־נען פערדערבען א גאנצען קלאַס. זיי פערפעסטען די גאַנצע אַט־מאָספער, זיי דערצעהלען מאוסע געשיכטען, פערפיהרען צו מאס־טורבאציאן, ווייזען דעם וועג צום הויז פון שאנדע, בעקענען די קלע־נערע מיט גאסען־פרויען. אויך אַזעלכע פערדאָרבענע עקזעמפּלאַ־רען דאַרף די לעהרערין שטענדיג האָבען אן אויג. בעגוגענען זיך מיט דעם, וואָס זי לערענט מיט די קינדער, איז וועניג. זי איז ער־ציהערין. זי האַלט אין איהרע הענד דעם שיקזאל פון די קינדער. זי דאַרף זיי פערהיטען פון שלעכטע חברים און זיין זיי א גוטער פריינד, וואָס אינטערעסירט זיך מיט אלעמען, וואס האָט א שייכות צו זייער פיזישער, גייסטיגער און מאָראלישער ענטוויקלונג.

וועגען דער שעדליכקייט פון אָנאַניזם האָבען אויטאָריטעטען פערשידענע מיינונגען. אנדערע בעהויפּטען, אז די געפאהר איז גאָרניט אַזוי גרויס, ווי מיר מיינען. איינער, וואָס האָט ניט לאַנג געשריבען וועגען אָנאַניזם, וויל האָבען, אז די צרה איז אַזוי שטאַרק פערשפּרייט, אז מען קען זיכער זאָגען, אז פון יעדע הונדערט יינגעלייט און פרויען זיינען ניינציג־ניין זיכער אָנאַניסטען און דער הונדערטסטער, וואָס איז דאָס ניט, איז — א ליגנער. נאָך אן אויטאָר זאָגט, אז פון יעדע הונדערט מענשען, וואָס האָבען דערגרייכט דאָס עלטער פון 25 יאָהר, האָבען ניינציג־ניין זיכער ווען ניט איז אין זייער לעבען אָנאַנירט. די מענשען, וואָס ברענ־גען אַזעלכע ציפערען, ווילען דערמיט בעווייזען, אז אויב אלע ניין־און־ניינציג פון הונדערט, וואָס האָבען אָנאַנירט אָדער אָנאַנירען נאָך איצט, זיינען געזונד און ניט אין א משוגעים־הויז, קען דאָך

די דאָזיגע געוואוינהייט ניט זיין אזוי שעדליך, ווי אַנדערע הילפען האָבען.

בעטראכט אביסעל רוהיגער און לאַנגישער די דאָזיגע שרעקליך וויכטיגע פראַגע: יעדער פערשטעהט, אז דעם יונגען אָרגאַניזם קען ניט צוקומען קיין געזונד, ווען עס ווערען מיסברויכט אָרגאַנען, וועלכע זיינען נאָך ניט ענטוויקעלט. די שוואכע אָרגאַנען ווערען דערפון נאָך שוואכער; דאָס וועט זיך אָברופען אויפ'ן מענשען אין שפּעטערע יאָהרען. זאָל נור דאָס אינגעל זיך אריינלאָזען אין דער דאָזיגער געוואוינהייט און ניט געוואָרענט ווערען און מיט דער צייט קען עס קומען דערצו, אז ער וועט ניט פעהיג זיין צו לעבען געשלעכטליך. איהר דאַרפט שטענדיג געדענקען, אז ס'איז א גרויסער אונטערשיד צווישען דעם נאַטירליכען געשלעכטליכען אקט און דעם אָנאַנירען. צום נאַטירליכען אקט דאַרפט איהר האָבען די איינשטימונג פון אן אנדערען מענשען; איהר הענגט אָב פון איהם; אָבער דער אָנאַניסט דאַרף קיינעמס איינשטימונג ניט. ער העגנט ניט אָב ניט פון יענעמס ווילען, ניט פון'ם אָרט. איבעראל, צו יעדער צייט, קען ער בעפרידיגען זיין לוסט. קיינע צאַמען! קיינע מניעות! אָט אזוי פערלירט ער אלץ מעהר די טייערע געשלעכטליכע ענערגיע און שעפּט אויס זיינע לעבענסקרעפטען. נאָך געפעהרליכער איז דאָס קאָפּ־אָנאַנירען. דער עלטערער אינגעל, אָדער בחור, אָדער מיידעל, שטרענגט אָן די פאַנטאזיע, שטעלט זיך פאָר אונאנשטענדיגע סצענען, מאָלט זיך אין קאָפּ נאַקעטע לייבער, אויסגעלאַסענע פּאָזען און האָט פון דער בעטראַכטונג פון אזעלכע בילדער שוין די געשלעכטליכע בעפרידיגונג. דאָס ווירקט זעהר שלעכט אויף די נערוועז, אויף דער נשמה. דאָס נערוועז־סיסטעם ווערט ערשעפּט; דער גייסט ווערט פערהונקעלט און געטויט.

דער אָנאַניסט געוואוינט זיך צו שטאַרקע פיזישע און גייסטיגע אויפרעגונגען. פון צו אָפטען פונקציאָנירען ווערען די געשלעכטליכע אָרגאַנען קאַטאַראַליש ענטצינדעט; זיי זיינען אין שטענדיגער אויפרעגונג. דער מענש וויל זיך בערוהיגען און בערוהיגען קען ער זיך נור טהוענדיג דאָסזעלבע, נאָכגעבענדיג ווידער זיינע מאוסע געוואוינהייטען, אזוי פאַלט ער אריין אין א נעץ און פערפלאָנטעט זיך אלץ מעהר; דער אָרימער מענש גיט זיך א נדר קיינמאָל מעהר ניט „טהון דאָס". ער טהוט עס אָבער. ער קען

זיך ניט קאָנטראָלירען. ער פיהלט, אז די געוואוינהייט ערניעדריגט איהם מאָראַליש. ער ווייס, אז זיין כאראקטער ווערט פערהאַרבען, זיין אָרגאניזם רואינירט. אָבער דאָס אלץ האָט אויף איהם קיין ווירקונג ניט. זיין געוואוינהייט איז שטארקער פון זיין ווילענס־קראפט; ער קען זי ניט בייקומען. און דאָך וויל ער זיין געזונד, מוז ער זיך קאָנטראָלירען, מוז ער זיך בעפרייען פון זיין געוואוינ־הייט, מוז ווערען א פרייער נאָרמאלער מענש!

אָפט קומט אויס צו הערען פון מיידלעך, וואָס האָבען גאַנץ אונשולדיג אָנגעהויבען „טהון דאָס“ און דערנאָך האָבען זיי זיך אַזוי צוגעוואוינט צו דער אוננאָרמאלער אויפרעגונג, אז דער נאָרמאלער געשלעכטס־אקט גיט זיי קיין בעפרידיגונג ניט. זיי האָבען שוין אויפגעהערט צו „טהון דאָס“ און דאָך זיינען זיי איבערנערוועז, אויפגערעגט. בכלל איז א פרוי שווערער בייצוקומען די געוואוינ־הייט, ווי מענער. אויף איהר האָט עס אויך א שעדליכערע וויר־קונג. זי דארף זיך זעהר היטען פאר דער געוואוינהייט און האל־טען זיך אין די הענד.

איך האָב געהאט אזא פאל אין מיין פראקטיק: איך בין ארומגעגאנגען ארום א אכט־יעהריגען אינגעל, וואָס האָט געהאט מאָזלען. ער איז געווען זעהר שעמעוודיג און ניט־צוגעלאָזען. צייַ־טענווייז פלעגט ער ווערען נערוועז, אויסמיידען מענשען. איך האָב געהאט א חשד, אז דאָס אינגעל אָנאנירט. דער דאָקטאָר איז מיט מיר געווען איינפערשטאנען און געהייסען מיר מיט'ן קינד רע־דען. דאָס קינד האָט זיך באלד מודה געווען, אז ער „טהוט דאָס“ זינט ער געדענקט זיך. ער פלעגט שלאָפען צוזאמען מיט אן על־טערען ברודער און האָט זיך פון איהם אָבגעלערענט דאָס. איך האָב דעם קינד ערקלערט, וואָס פאר א געפאהר „דאָס“ איז און מיינע רייד האָבען אויף איהם געווירקט. ביי נאכט הער איך, ווי דאָס אינגעל בעט זיין ברודער ער זאָל איהם בינדען די הענד; דאָס ברודערעל האָט איהם מיט א טיכעל געבונדען די הענד, און אזוי געטהון יעדע נאכט, און אין עטליכע וואָכען האָט זיך דער קליינער אָבגעוואוינט פון דער שלעכטער געוואוינהייט.

מיר דארפען אויפקלערען די קינדער, וואָרענען זיי. זאָלען די קינדער וויסען, וואָס זיי טהוען! זאָלען זיי זיך היטען פאר זיך אליין! זאָלען זיי וואָס מעהר ארומלויפען, בעוועגען זיך, זיין אויף דער גאס, טהון ארבייט, וואָס מאכט מיד, לעגען זיך שלאָפען אויס־

געמאטערטע, אויסמיידען אלע געטראנקען. און איהר, עלטערן, לאזט ניט ארויס די אונערפאהרענע קינדער פון אויג, טראגט זיי שטענדיג אין קאפ, היט זיי אב, אויב איהר ווילט זיי זאלען אויס־וואקסען געזונדע און שטארקע.

---

קאפיטעל 7.

## דער געשלעכטליכער אימפולס.

ביז איצט האבען מיר גערעדט וועגען דעם אוננארמאלען גע־שלעכטליכען לעבען, אבער וואס איז אזוינס דאס נארמאלע גע־שלעכטליכע? וואס איז אין תוך דער געשלעכטליכער אינסטינקט?

דאס וואקסענדע מיידעל דערפיהלט פלוצלונג עפעס אונגעווענ־ליכעס. איהר איז אי זיס, אי שרעקליך. א געהיימניספולע קראפט לאזט איהר ניט רוהען; זי ווערט אונרוהיג. זי ווערט פערשקלאפט פון א אינסטינקט — א מעכטיגען, א גרויזאמען. דאס איז דער געשלעכטליכער אינסטינקט — דער מעכטיגסטער פון אלע. ער בע־הערשט אלעס, וואס לעבט. ער איז די טרייבקראפט פון יעדען קאמפף. ער פעראייניגט מאן און ווייב. ער דערוועקט אינ׳ם מאן די העכסטע, עדעלסטע געדאנקען. ער איז די אורקוואל פון יע־דער קונסט און דיכטונג. ער בעגייסטערט, וועקט העלדישקייט. פונ׳ם געשלעכטס־אינסטינקט שטאמט יעדעס לעבען.

דער געשלעכטס־אינסטינקט בעהערשט דעם אינגעל, ווי דאס מיידעל. זיי ווערען רייפער, עלטער — די קינדער. ווילט זיך דעם מיידעל קושען, ארומנעמען, בעגעגנען זיך, רעדען אהן א סוף, צו־ריהרען זיך צום אינגלישען לייב. ביי מיידלעך איז אזא אימפולס שטארקער, ווי ביי אינגלעך. אבער דער געשלעכטליכער אינסטינקט בעפרידיגט זיך ניט מיט די צערטליכקייטען און סענטימענטאלי־טעטען. דאס פיזישע לאזט זיך פיהלען; געשלעכטס־צעלען האבען זיך אנגעקליבען, זיי ווירקען אויפ׳ן נערוועןן־סיסטעם, שטרענגען איהם אן; האט דער אינדיווידואל דאס בעדערפניש צו בעפרייען זיך פון דער אנגעשטרענגטקייט. עס ציהט צום אנדערען געשלעכט פיזיש — דעם מאן צו דער פרוי אין א שטארקערער מאס. דער גרויסער געלעהרטער מאל זאגט, אז די צוויי אימפולסען בילדען דאס וויכטיגסטע אינ׳ם געשלעכטליכען אינסטינקט. ביידע אימפולסען זיינען וויכטיג. אנדערע מענשען איננארירען דאס פיזישע אינ׳ם

געשלעכטליכען לעבען — זיי זיינען צו אידעאליסטיש; זיי האַ־בען אַ פאַלשען קוק אויפ'ן געשלעכטליכען לעבען, מיינענדיג אַז דאָס איז עפּעס אומריינס. אָבער יענע, וואָס מאַכען צו נישט געפיהלען און סענטימענטען, וואָס בענוגענען זיך נור מיט'ן פיזי־שען אין געשלעכט, זיינען ניט ווייניגער געגאַרט. געפיהלען שפּילען אינ'ם לעבען אַ גרויסע ראָל — בעזונדערס ביי מיידלעך.

יעדעס מיידעל בענקט נאָך אַ אידעאַלען מאַן. יעדע האָט זיך איהר אידעאַל. איינע שטעלט זיך פאָר, אַז דער, וועמען זי וועט ליעב האָבען, מוז זיין אַ ברונעט, האָבען שוואַרצע אויגען, זיין הויך־געוואַקסען, אַן אַנדערע מאָלט זיך איהר בעשערטען אַנדערש: ער איז בלאָנד, האָט בלאָהע אויגען, איז פון מיטלער וואוקס. אָפט בלייבט דאָס מיידעל דאָס גאַנצע לעבען לאַנג טריי איהר פאָרשטע־לונג וועגען דעם אידעאַלען מאַן. פריהער געפעלען איהר פערשי־דענע מענער, וואָס זיינען מעהר אָדער ווייניגער ענליך צום אידע־אַלען טיפּ ווי זי שטעלט זיך איהם פאָר, אָבער אַז זי ווערט עלטער, ענדערען זיך איהרע פאָרשטעלונגען און זי איז מעהר איבערקלייבעריש. אַזוי געהט עס ביז'ן דריי־און־צוואַנציגסטען יאָהר: ערשט דאַמאָלס האָט יעדעס דורכשניטליך מיידעל אַ בעשטימטע פאָר־שטעלונג פונ'ם מאַן, וועלכער קען ווערען איהר לעבענסבעגלייטער.

געוועהנליך האָט דאָס איינגערע מיידעל אַ גרויסען טעות, מיי־נענדיג, אַז געשלעכטליכע ליעבע איז די אמת'ע ליעבע. זי בעגעגענט אַ מאַן, וועלכער ציהט איהר צו מיט זיין שענקייט, און זי טראַכט שוין וועגען הייראַט. אָבער פיזישע שענקייט פערגעהט שנעל, דאָס קען ניט זיין קיין פונדאַמענט פון אַ דויערענדער, גליק־ליכער הייראַט. ליעבע איז וויכטיגער פונ'ם געשלעכטליכען אינ־סטינקט. עס איז ניט גענוג, וואָס עמיצער געפעלט אייך. איהר דאַרפט האָבען רעספּעקט צום מאַן, סימפּאַטיזירען מיט איהם און זיין ארבייט, קענען קאָנטראָלירען זיך. איהר דאַרפט האָבען אינ־טערעסען, וועלכע ער האָט, זיין נאָהענט צו איהם אין גייסט. דאָס איז אַ שטאַרק, גרויס געפיהל, וואָס קען פערבינדען אייערע לע־בענס. די אמת'ע ליעבע, וואָס פאָדערט, אַז מאַן און ווייב זאָלען זיין איין מענש, איין נשמה, איז דאָס שטאַרקסטע, עדעלסטע גע־פיהל. אודאי איז דער נאַטירליכער צוועק פונ'ם געשלעכטליכען לעבען די געשלעכטליכע פעראייניגונג, אָבער איז דאָס אַלץ, לעבט מאַן און ווייב געשלעכטליך אָהן ליעבע, אָהן העכערע אינטערעסען און סימפּאַטיען, קען אַזאַ פערבינדונג ניט האָבען קיין קיום. די

געשלעכטליכע צוציהונגס־קראַפט פון'ם מאַן און ווייב ווערט מיט דער צייט אָבגעשוואַכט, זיי מוזען פיהלען עקעל איינער צום אַנדערען. זיי מוזען זיין פערבונדען איינער מיט'ן אַנדערען, האָבען אַכטונג איינער צום אַנדערען — אָדער זיי וועלען שנעל פערפרעמדט ווערען...

געוועהנליך האָט אַ מיידעל דאָס בעדערפניש אין צערטליכקייטען. זי איז נאַאיוו. זי בערעכענט ניט, ווי אַזוי איהרע אונשולדיגע בעוועגונגען וועלען אויסגעטייטשט ווערען. זי קושט אַ מאַן פשוט, ווייל ער געפעלט איהר, אָבער דערביי טראַכט זי גאָרניט וועגען דער געשלעכטליכער פערבינדונג. אָבער ביי'ם מאַן איז דאָס אַנדערש. ער נעמט אַרום דאָס מיידעל און בענוגענט זיך דערמיט ניט ; ער ווערט פערשכור'ט, איהם ציהט צום געשלעכטליכען אקט. דאָס, וואָס ביי'ם מיידעל קומט אויס גאַנץ נאַטירליך און אונשולדיג, איז ניט אַזוי אין די אויגען פון מאַן. פרעהליכע, לעבעדיגע מיידלעך מאַכען דעריבער אָפט אַ ניט־געוווינשטען איינדרוק אויפ'ן מאַן : אָבער שנעל האַפט זיך דאָס מיידעל, אַז מען קוקט אויף איהר מיט צו פערדעכטיגע אויגען און זי ווערט פאַרזיכטיגער, זי פערפאַנצערט זיך, ווערט שטילער, איינגעהאַלטענער און בעשיידענער. זי בעהאַלט איהרע געפיהלען.

די געזעלשאַפט בעגרענעצט אויך די פרייהייט פון דער פרוי. זי איז געשלעכטליך ניט פריי ; דערפאַר האָבען היינטיגע פרויען פערשידענע מעגליכקייטען צו נעמען אַנטייל אין גרויסע, סאָציאַלע בעוועגונגען. די אַמאָליגע אַלטע מויד פערשווינדט. האָט אַ פרוי ניט געקענט ווערען מוטער, קען זי זיין ניצליך דער געזעלשאַפט אַנדערשוואו. נייע פראָפעסיאָנען, נייע מעגליכקייטען וויקלען זיך פאַנאַנדער פאַר דער פרוי פון היינטיגער צייט, דער געשלעכטליכער אימפולס ווערט ניט פערלאָרען, ער ווערט נאָר אָבגעצויגען אָן אַ זייט. די אַלטע מויד האָט אַן ארבייט, שפּילט אַ ראָל, קען ניצליך זיין, דעריבער איז זי שוין ניט מעהר דאָס אומגליקליכע, קאַפּריציעזע, קאָמישע בעשעפעניש, וואָס זי איז אַמאָל געוועז.

דער מאַן פערפאָלגט די פרוי, אָבער ז י קלייבט אויס. ניט יעדער געפעלט איהר. זי האָט איהר קוק, איהרע סימפּאַטיען. איהר בלוט און איהר גאַנצע פערזענליכקייט רעדען קלאָרע דבורים. פאָלגט זייער שטימע דאָס מיידעל ? פרעגט זי : איז ער מיר סימפּאַטיש ? זיינען מיר אַ פּאָר ? צום בעדויערען מוז איך זאָגען, אַז אָפט, זעהר אָפט, פרעגט זי נאָר עפּעס אַנדערעס : צי פער־

דינט ער נענוג ? און דאס איז א שאנדע... שולדיג איז דאס גע־זעלשאפטליכע סיסטעם. מיר ערנידריגען זיך, מיר פערקויפען זיך אין דער גאנצער וועלט. א מיידעל האט חתונה, האבענדיג אין זין נור איינס : וואו נעהמט מען א גוטען פערדינער ? זי אינטערעסירט זיך ניט מיט'ן געזונדהייטס־צושטאנד פון איהר צו־קונפטיגען מאן, פרעגט ניט, צי זיינען זיינע עלטערען פיזיש־שטארק געווען אדער האבען געקענט איבערגעבען זייער זוהן בירושה עפּעס א געפעהרליכע קראנקהייט. זי וויל ניט וויסען וועגען דעם מאן'ס פערגאנגענהייט און טראכט ניט, אפשר איז ער גאר קיין פּאר ניט פאר איהר. דער מאן נעהמט זי — איז זי גליקליך און צו־פרידען ; אודאי אנדערש וועט עס ווערען אין דער צוקונפט. די פרויען דארפען נאר ווערען עקאנאמיש־אונאבהענגיג און זיי זיינען נאר נייע בעשעפענישען. זיי וועלען ניט זיין קיין שפּילצייג מעהר אין די הענד פונ'ם מאן ; זיי וועלען ווערען פרייע פערזענליכ־קייטען. זיי וועלען ניט לאזען בעהאנדלען זיך, ווי א זאך, זיי ווע־לען פאדערען זייער רעכט.

נור ניט קיין טעות געהאט ; ניט אלץ, וואס הייסט רעכט, איז רעכט. פרויען, וואס פאדערען פּאליטישע און סאציאלע גלייכ־בערעכטיגונג, פערגעהען אפט אזוי ווייט, אז זיי פאדערען אויך געשלעכטליכע פרייהייט. זיי ווילען ניט וויסען פון קיין שום צאמען. מיר ווילען ניט זאגען קיין דעות דער עלטערער פרוי ; זאל זי טהון וואס זי וויל : זי איז אין די יאהרען, ענטוויקעלט גענוג, זי מעג זיך זוכען איהר גליק אויף איהר איינענעם וועג, אבער די יונגערע מיידעל, וואס איז אונענטוויקעלט, דארפען מיר ווארנען. א שעהן ווארט איז ליעבע, א הייליג געפיהל איז דאס געפיהל פון ליעבע, אבער גערענקט, אז ניט יעדע געשלעכטליכע לוסט, ניט א יעדער פיזישער אימפּולס איז דאס, וואס איהר זוכט. בחורים און מיידלעך אונטערשיידען ניט צווישען געשלעכט און ליעבע. א בחור בעגעגענט א מיידעל, איהם ציהט שטארק צו איהר, זיין גאנצער ארגאניזם ציטערט אויף, ער איז אן אנדערער געווארען, ער איז עפּעס א לייכטערער, א שלאנקערער, ער לאכט פרישער, זיין שטימע איז זיכערער, ער איז צערטליכער צו פרויען, געפיהלפולער. ער איז איבערצייגט, אז ער איז פערליעבט. און פערשטעהט זיך, אויף אייביג. געפעלט ער דער מיידעל, איז ניט שווער איהר איינצורעדען, אז ס'איז ליעבע. אבער איז דאס ליעבע ? ווי אפט איז דאס ניט מעהר, ווי ריינע געשלעכטליכ־

קייט. א שפיל פונ'ם געשלעכטליכען אינסטינקט. גיט נאָך דאָס מיידעל, ווערט זי מוטער. גוט איז איהר, אויב דער מאן, מיט וועלכען זי האָט זיך בעגעגענט, איז אן ערליכער גאטור און האָט אן אמת געפיהל פון ליעבע צו איהר. איז דאָס אָבער א פשוט'ע געשלעכטליכע פערבינדונג, ווערט די פרוי איהם גיך נמאס. זי זיין מפיל א פאָר מאָל, זי איז פערטהון אין די קליינליכע טאָג-טעגליכע אינטערעסען, איהר געשלעכטליכען רייץ האָט זי פערלוירען, — זוכט דער מאן בעפרידיגונג ערגעץ אנדערש וואו און דאָס מיידעל? ארימע פרוי! וואָס קען זי איצט טהון? זי האָט ערוואכט; זי האָט נייע געשלעכטליכע בעדערפנישען. די געזועלשאפט איז געגען איהר; קיין עקזיסטענץ האָט זי ניט. קיינער זאָרגט ניט פאר איהר, אויף יערען שריט האָט פראָסטיטוציאָן פערשפרייט איהר נעץ. פאלט זי אריין אינ'ם נעץ; געהט אינ'ם געפעהרליכען וועג, פון וועלכען זי וועט שוין ניט אומקעהרען. דאָס איז די לעבענסגעשיכטע פון טויזענדער מיידלעך, וואָס פראָסטיטואירען זייער לייב.

דער מענש איז ניט קיין חיה. ער האָט ניט נור אינסטינקטען, ער האָט אויך פערשטאנד, א ווילען. ער דארף ניט נאָכגעבען אלע זיינע אינסטינקטען, ער קען זיך קאָנטראָלירען, ער מוז זיך קאָנטראָלירען, בעזונדערס די שוואכע פרוי. זי דארף האלטען אין צוים איהר געשלעכטליכען אינסטינקט, ניט לאָזען זיך פערפיהרען פונ'ם אינסטינקט, ווארטען, ביז פון דער אינסטינקטיווער נייגונג צו א געוויסען מאן וועט אויסוואקסען אכטונג, פערטרויען, אן אמת גייסטיגע ליעבע צו איהם — די ריינסטע, שטארקסטע, הייליגסטע לייי־דענשאפט פון א מענשען.

---

## קאַפּיטעל 8.

# ביאָלאָגישעס.

עס איז נויטיג צו נערענקען, אז דער נאטירליכער צוועק פונ'ם געשלעכטליכען אימפולס איז דער געשלעכטליכער אקט; זיין צוועק ווידער איז רעפּראָדוקציאָן פונ'ם מענש. אמת, גאנץ אָפט בלייבט דער געשלעכטליכער אקט רעזולטאטלאָז אָדער א פרוי ווערט שוואנגער ניט האָבענדיג געטראכט דערפון, אז זי נעהט האָבען א קינד, אָבער דאָס אלץ האָט גארניט צו טהון מיט'ן זין

פון'ם געשלעכטליכען פראָצעס. ער האָט נור אין זין ; וואָס דער מענש זאָל ניט טהון מיט זיינע געשלעכטליכע אָרגאַנען, האָט זיי די נאַטור בעשטימט אַ געוויסע פונקציאָן.

ווי דערצעהלט מען אונזערע קינדער וועגען דער דאָזיגער פונקציאָן ? דאָס בעסטע, דאָס נאַטירליכסטע איז צו בעשרייבען זיי, ווי עס פערמעהרען זיך פערשידענע בעשעפענישען. איהר קענט אָנהויבען פון די איינפאַכסטע און געהען אַלץ העכער און העכער, ביז איהר דערגעהט צום מענשען. די קינדער זעהען, ווי דער שמעטערלינג און די ביהן טראָגען איבער דעם בלומען־שטויב פון בלום צו בלום מיט'ן צוועק צו בעפרוכטען די מוטערבלום. זיי בעמערקען, ווי העררינג און פרוי פראָש האַפּען זיך אויף פון זייער ווינטערשלאָף און געטריבען פון'ם אויפלעבענדען געשלעכטסאינס־טינקט, איילען זיי זיך צום טייך. פאַר זיי אין די אויגען לאָקט דער זינגדראָסעל זיין געליעבטע פונ'ם בוים ארויס און ווי געדולדיג שטעהט ער גאַנצע טעג בעשיצענדיג די מוטער, וואָס זיצט אויף די אייער. עס איז ניט שווער צו ערקלערען קינדער, וואָס קומט דאָ פאָר. די זי־בלום דארף האָבען דעם בעפרוכטענדען שטויב און, ווייל זי קען זיך ניט בעוועגען, מוז אַ דרויסענדיגע קראַפט ארי־בערברענגען איהם. אַנדערש איז דאָס ביי'ם פיש. דער זי־פיש לייגט איהרע אייער אין וואַסער, קומט דער ער־פיש און טראָגט אריבער די מענערישע פליסיגקייט אין זאָמען אריין. הערר פראָש איז נאָך אַ גרעסערער מיוחס ; ער בעפרוכטעט די אייער, איידער זיי קומען נאָך אין וואַסער. דער זינגדראָסעל שטעהט נאָך העכער — ער בעפרוכטעט דאָס איי, ווען ס'איז געוועזען נאָך אין מוטער'ס לייב, ממש ווי ביי אונז מענשען.

אזוי דערצעהלענדיג די קינדער די וואונדערבאַרע געשיכטע פון דער פערמעהרונג פון לעבעדיגע בעשעפענישען, גרייטען מיר זיי צו זיי זאָלען פערשטעהן דאָס וויכטיגסטע, נעמליך ווי מענשען פער־מעהרען זיך.

פריהער פאַר אַלעמען דארפען מיר וויסען, אַז יעדעס אָר־גאַנישע לעבען איז אַ געוועב פון צעלען, וואָס שטאַמט פון איין־איינציגער צעל. דער מענש איז אַ צעלען־אָרגאַניזם ; אלע צעלען זיינען אין איהם פערבונדען און העגגען אָב איינע פון דער אַנ־דערער. וואָס איז אַזוינס אַ צעל ?

אַ צעל איז אַ זעהר קליין בעשעפעניש, וואָס איהר קענט זעהן

נור דורך א מיקראָסקאָפּ. זי בעשטעהט פון לעבעדיגען שטאָף מיט א קערענדעל אינמיטען. דאָס דאָזיגע קערענדעל איז דער וויכטיגסטער טייל פון'ם צעל. אַן איינפאַכע צעל ענטשטעהט, ווען צוויי צעלען האָבען זיך בעגעגענט און פעראייניגט, אויסמישענדיג זייערע קערנער. האָבען זיי זיך פעראייניגט, קענען זיי זיך איצטער ווידער טיילען. דאָס איז דאָס וואקסען פון דער צעל, אין דעם בעשטעהט איהר רעפּראָדוקציאָן.

פאַרהאַן צוויי מינים צעלען: די אייער אין דעם ווייבליכען אָרגאַניזם און די ספּערמאַטאָזאָאַ אינ'ם מענליכען.

פון'ם געשלעכטליכען אקט בלייבט אין דער שייד פון דער געבירמוטער א פליסיגקייט: דאָס איז די מענליכע ספּערמא, דאָס זרע; לויט סוטקאָווסקי'ן האָט אין זיך יעדער אויסגוס פונ'ם מענליכען אָרגאַן פופציג מיליאָן ספּערמאַטאָזאָאַ'ס. אין דערזועלבער צייט, וואָס די מענליכע ספּערמאַטאָזאָאַ'ס קומען אריין אין דעם געשלעכטס־אָרגאַן פון דער פרוי, ציהען זיך ספּאַזמאָדיש צוזאמען די מוסקולען פון דער געבירמוטער און אויף אזא אופן זויגען זיי איין א טייל פון דער ספּערמאַ, וועלכע דער מענליכער אָרגאַן האָט געלאָזען דאָרט.

ווען מען בעטראַכט די מענליכע ספּערמען־צעל אונטער'ן מיקראָסקאָפּ, בעמערקט מען, אַז זי בעשטעהט פון א קאָפּ און אַן עק: דער עק גיט א מעגליכקייט דער צעל צו בעוועגען זיך אין דער ריכטונג, וואו ס'ליגט דאָס איי. די מענליכע צעל איז אקטיוו; זי יאָגט זיך נאָך דער ווייבערשער צעל. זי וועט איהר חאַפּען, אפילו ווען די געבירמוטער זאָל ניט העלפען איהר באלד אויפ'ן אָרט צו דערגרייכען דאָס איי. די ספּערמען־צעל קען ליגען בעהאלטען טעגווייז אין דער שייד, סיידען זי ווערט אָבגעוואַשען מיט וואסער אָדער געטויט מיט גיפטיגע איינשפּריצונגען. קומט אָבער די ספּערמא נאָהענט צום איי, ווערט זי צוגעצויגען צו איהם, ווי צו א מאַגניט. דאָס איי איז גוט בעשיצט אינ'ם אייערשטאָק און וויי־טער אויף איהר וועג; זי קען דעריבער פערלאָזען איהרע שוועסטער־צעלען, זי קען זיך פערגינען אוועקגעהן אליין אָהן יעדער בעגלייטונג. די מענליכע צעל, אָבער, האָט אויסצושטעהן מעהר געפאַהרען, זי איז ניט בעשיצט, זי קען לייכט פערלאָרען געהן; דעריבער וואנדערען די מענליכע צעלען מאַסענווייז; געלינגט ניט איינער צו בעפרוכטען דאָס איי, טהוט עס א צווייטע, א דריטע, א הונדערטסטע. מאַסען מענער־צעלען געהען אַנטקעגען דעם איי,

אבער נור איינע קען אריינגעהן אין איהם, בעפרוכטען איהם. ווי נור דאס קעפעל פונ'ם מענער־צעל איז אינ'ם איי, ווערט די גאנצע צעל איינגעשלונגען פונ'ם איי און קיין שפור בלייבט פון איהר ניט. די דאזיגע פעראייניגונג פון צוויי צעלען איז דאס וואס מען רופט אן בעפרוכטונג, שווענגערונג. געוועהנליך פעראייניגען זיך די צעלען אינ'ם פאלאפיען־רעהר, אבער דארט בלייבט ניט דאס בעפרוכטעטע איי. עס וואנדערט ווייטער, ביז עס דערגעהט צו דער געבירמוטער.

איז דאס איי בעפרוכטעט, ליגט זי זיך בעקוועם אינ'ם ווייכען געוועב פון דער געביר־מוטער, וואס האט זיך צוגעגרייט אויפצונעמען איהר. די פרוי מענסטרואירט שוין מעהר ניט. זי איז שוואנגער. א נייע בעשעפעניש ווערט געבארען. וואונדערבארע ענדערונגען קומען פאר אינ'ם קליינעם צעל, וואס האט זיך אונבעהאלפען בעהאלטען אין דער געביר־מוטער. דאס איי איז נאך דערווייל אזוי קליין, אז ס'איז קוים צו זעהן, אבער אין צוויי וואכען ארום איז זי אזוי גרויס ווי אן ארבעס, אין פיער וואכען — ווי א וועלשען־נוס, אין אכט — ווי א ציטרין. זייענדיג אלט אכט וואכען איז דאס עופה'לע דריי אינטש לאנג און אינגאנצען פארמירט: דער קאפ איז פיעל גרעסער אין פערגלייך מיט די איבריגע טיילען פון קערפער. געשעהן איז אין די פאר וואכען א וואונדערבארע זאך: דאס, וואס דער מענש איז דורכגעגאנגען אין די צעהנדליגער טויזענדער יאהרען פון זיין ענטוויקלונג, ביז ער איז פון א חיה געווארען מענש — די אלע ענדערונגען קומען פאר אינ'ם עופה'לע, וואס ליגט אין דער געבירמוטער, אין א זעהר קורצער צייט. ווי נור דאס איי ווערט בעפרוכטעט, הויבט עס זיך אן צו טיילען, פריהער אין צוויי און דערנאך אין פיער, אין אכט, אין זעכצעהן צעלען און אזוי ווייטער, ביז די צאהל צעלען ווערט כמעט אונענדליך, יעדענפאלס ניט־צום־איבערצעהלען. יעדע צעל שפאלט זיך אינמיטען פון איהר קערענדעל און אזוי ווערט פון איין צעל נייע צוויי צעלען.

די צעלען־מאסע ענדערט איהר פארם. פריהער איז זי רונד און אויסגעלעדיגט אינוועניג. שפעטער בעוועגען זיך די צוויי שיכטען צעלען, עפעס אזוי ווי די רונדע מאסע וואלט געפלאצט און דיביידע שיכטען פעראייניגען זיך, ווערען פלאך און ציהען זיך אויס אין דער לענג, ווי א ווארעם. אלעס ווערט איצט קאמפליצירטער; עס בעווייזען זיך ליניען וואס זיינען סמנים פון די שפעטערדיגע מוסקולען, ביינער, רוקען און דארם־קאנאל. עפעס

קלאַפּט גאַנץ שוואַך, ד. ה. דאָס הארץ הויבט זיך אָן צו ענט־וויקלען ביי׳ם עופּה׳לע. עס מערקט זיך שוין דער בויג פון קעפּעל; עס צווייגען זיך אָב טיילען — די שפּעטעררדיגע הענד און פיס. אויפ׳ן געזיכט זעהט איהר א רונצעל און — געשעהן איז דאָס אלץ אין פיער וואָכען.

איצט געהט דער ענטוויקלונגס־פּראָצעס שנעלער. די ביינער, וואָס זיינען ביז אהער געווען גאָר ווייך, ווערען הארטער. די אָר־גאַנען, וואָס האָבען זיך נור אָנגעצייכענט, האָבען שוין בעקומען א בעשטימטע פאָרם. צום ענדע פונ׳ם פערטען מאָנאט האָט אלעס שוין זיין נאַטירליכע פאָרם; אין די שפּעטעררדיגע מאָנאטען ווע־רען די אָרגאַנען און טיילען נור שטארקער און גרעסער, אָבער די פאָרם בלייבט.

עס דארף דויערען פערציג וואָכען, אָדער 280 טעג, ביז דער מענשליכער עמבריאָן ענטוויקעלט זיך אינגאַנצען און דאָס קינד ווערט געבוירען. אמאָל געדויערט עס מיט צוויי וואָכען מעהר אָדער ווענינגער. שרעקען זיך אין אזא פאַל איז ניטאָ וואָס. דאָס איז נאָרמאַל.

ווי אזוי האָט זיך דאָס קינד גענעהרט די גאַנצע צייט? ווי נור דאָס איי איז בעפרוכטעט געוואָרען און ביז צו דער אכטער וואָך ווערט עס גענעהרט פון דעליקאטע, צווייגיגע פערעמלעך, וואָס דעקען זי איין. די דאָזיגע פערעמלעך זיינען איינגעגראָבען אין דער געביר־מוטער און נעמען פון דער מוטער׳ס קערפּער די אלע נויטיגע שטאָפען. ארום דער אכטער וואָך צוואַוואַקסען זיך די פע־דעמלעך אין א שוואָמיגען געוועב, וואָס איז איבערגעפילט מיט בלוט־געפעסען. דאָס געוועב איז דאָס אָרט. עס האָט א צוויי־פאכע ארבייט. עס נעמט זוויער־שטאָף און אנדערע ניצליכע שטאָ־פען פון׳ם מוטער לייב און גיט עס איבער דעם קינד דורכ׳ן נאָפּעל; פון דער אנדערער זייט — נעמט דאָס אָרט די אלע שעדליכע, איב־ריגע שטאָפען, וואָס דארפען אויסגעשיידט ווערען פון׳ם קינד׳ס אָרגאַניזם, פיהרט זיי אוועק אין׳ם מוטער קערפּער און די מוטער בעפרייט זיך פון זיי דורך דער הויט, נירען און געדערעם. דאָס עופּה׳לע און דאָס אָרט זיינען ביידע איינגעוויקעלט אין א זאַק, וואָס טיילט אויס און ענטהאלט א וואסעריגע פליסיגקייט, אין וועלכער דאָס קינד שווימט. דאָס קינד ליגט מיט די פיסלעך אויפ׳ן בויך, מיט די אָרעמס אויף דער ברוסט און דעם קעפּעל אביסעל געבויגען איבער דער ברוסט. ווען דאָס קינד האָט זיך



פיגור 2.
דאָס צוויי־מאָנאטליכע עופ׳לע אין דער געביר־מוטער.

שוין ענטוויקעלט, הויבט עס זיך אן אביסעל צו בעוועגען. אפט ציהט עס זיך אויס א ביסעל. דאס עופה'לע האט זיך איהרע צייטען פון רוה, ווען זי ריהרט זיך כמעט ניט, און צייטען פון בעוועגליכקייט. געווענליך דערפיהלט די מוטער ערשט אין פערטען אדער פינפטען מאנאט, אז דאס קינד ריהרט זיך. אנדערע אונערפאהרענע פרויען הויבען דאמאלס אן זעהר צו שרעקען זיך, זיי זאלען מיט זייערע בעוועגונגען ניט שעדיגען דאס עופה'לע. די שרעק איז אן אומזיסטע. אבי די מוטער טהוט ניט קיין זעהר שווערע ארבייט, מעג זי זיין רוהיג. שוין ענדע צווייטען מאנאט איז דאס קינד אינגאנצען פארמירט; די איינדרוקען, וואס די מוטער האט איצט, קענען ניט ענדערען דאס קינד. דאס האט שוין א בעשטימטע אונדיווידואליטעט. אזוי ווי אינ'ם קערענדעל פון דער מענליכער ספערמא איז בעהאלטען אלץ, וואס דער פאטער גיט איבער און קען איבערגעבען בירושה דעם קינד, אזוי זיינען אלע פיזישע אייגענשאפטען, וואס די מוטער האט געקענט איבערטראגען אויפ'ן עופה'לע, שוין געווען פערבארגען אינ'ם בעפרוכטעטען איי. פון דעם פאטער האט אויפ'ן קינד געקענט איבערגעהן נור דאס, וואס איז געווען אינ'ם מענליכען ספערמאטאזאא, ווען עס האט בעפרוכטעט דאס ווייבליכע איי ; קיין ווייטערדיגען ארגאנישען איינפלוס אויפ'ן יונגען ארגאניזם האט דער פאטער נישט.

אינטערעסאנט איז, אז קינדער פון די אזוי־גערופענע גרויסע מענשען זיינען זעלטען העכער פונ'ם דורכשניט אינטעלעקטועל ; דערפאר אבער האבען אלע גרויסע גייסטער געהאט אונגעווענליכע מוטערס.

אין די לעצטע צייטען האבען ספעציאליסטען פיעל דעבאטירט וועגען דער פראגע, קען מען קינסטליך בעשטימען דאס געשלעכט פונ'ם קינד, וואס דארף געבוירען ווערען, ד. ה. ווירקען, אז דאס קינד זאל זיין מענליך אדער ווייבליך לויט'ן פערלאנג פון די עלטערען. מיר מוזען זיך מודה זיין, אז די וויסענשאפט האט אויף דער פראגע קיין שום ענטפער ניט געגעבען.

האבען זיך געענדיגט די ניין מאנאטען, איז שוין דעם עופ'לעס ענטוויקלונג א פערענדיגטע און דאס קינד געהט ארויס אין דער וועלט אריין : דאס קינד ווערט, ווי מען רופט עס אן, געבוירען. עס טרעפט אבער, אז דאס קינד קומט אויף דער וועלט פאר דער צייט. א מוטער קען מפיל זיין א קינד. די דאזיגע געפאהר דארף מען האבען אין זין.

## קאפיטעל 9.

# היגיענע פון שוואנגערשאפט; אבארטען.

א נארמאל קינד מוז אויסטראגען זיך, ד. ה. אויב עס קומט אויף דער וועלט פאר דער צייט, איז דאס ניט גוט. מיר זאגען געווענליך, אז די פרוי האט מפיל געווען אדער געהאט אן אבארט, אויב זי האט געהאט דאס קינד פאר זיבען מאנאטען. אזא עופ'לע קען ניט לעבען קיין מינוט אויסער'ן מוטערליכען לייב. ניט אזוי געפעהרליך איז, ווען דאס עופ'לע, וואס דערזעהט די וועלט פאר דער צייט, איז עלטער פון זיבען מאנאטען. אין אזא פאל איז דא א האפנונג, אז עס וועט אויסלעבען.

א געווענליך מיידעל האט מורא צו רעדען וועגען אבארטירען; זי שטעלט זיך פאר, אז דאס איז שטענדיג א רעזולטאט פון א קרימינעלער אפעראציאן. דערפאר אבער רעדט זי גאנץ רוהיג וועגען מפיל זיין, און אין אמת'ען איז צווישען אבארט און מפיל זיין קיין שום אונטערשיד ניטא. ס'איז דאסזעלבע, נור ווערטער אנדערע.

מיידלעך רעדען זיך געווענליך איין, אז אויב מען איז מפיל אין אנהויב שוואנגערען, האט דאס ניט קיין שלעכטע ווירקונג אויפ'ן געזונד. אזא מיינונג איז אבסאלוט אונבעגרינדעט. דאס, וואס אנדערע מאכען דאס מפיל זיין צו קליין געלד, איז זעהר געפעהרליך. מיר דארפען איינמאל פאר אלע מאל אבמאכען ביי זיך, אז קיינמאל קען דאס אויסטראגען א קינד ניט זיין אזוי שעדליך, ווי אן אבארט. מיר דארפען ניט אריינמישען זיך אינ'ם נאטירליכען גאנג; האט א פרוי אנגעהויבען צו טראגען, איז דאס בעסטע, דאס געזונדסטע פאר איהר אויסצוטראגען דאס קינד ביז'ן סוף.

דאס מפיל זיין קען ניט זיין אונשעדליך; איין ספעציאליסט בעהויפטעט, אז מעהר פרויען קרענקען זייער גאנצען לעבען פון מפיל זיין, ווי פון קינדער־געבורט. זייענדיג מפיל פערלירט די פרוי זעהר אפט צופיעל בלוט, זי ווערט דערפון שוואך און קען זיך ניט ראנגלען מיט פערשידענע קראנקהייטען. דערצו נאך א זאך: דער אבארט ערשיטערט מעהר דאס נערווען־סיסטעם, ווי דער נאטירליכער פראצעס. די פרוי בלייבט היסטעריש און שטארק נערוועז.

דאס מפיל זיין האט פערשידענע אורזאכען. וויל א פרוי אויס־

מיידען דאס, דארף זי זיך שטארק היטען. זי טאר ניט אנשטרענ־גען זיך, ניט טהון קיין שווערע ארבייט, ניט אויפהויבען קיין שווערע לאסטען. זי דארף ניט טאנצען, ניט שפרינגען, זעהן ניט צו פאלען. יעדע אויפרעגונג איז שעדליך: זי טאר ניט זיין אומעטיג, ניט כעס'ן זיך שטארק, ניט האבען קיין פסיכישע ערשיטערונג. דער עיקר זאל זי זיין רוהיג. שלעכט ווירקען לאקסיר־מיטלען און צו אפטער געשלעכטליכער פערקעהר.

איינער פון די וויכטיגסטע רעזולטאטען פון אבארט איז דאס, וואס האט א פרוי איינמאל געהאט אן אבארט, קען זי עס האבען נאכאמאל און עס טרעפט, אז זי קען שוין קיינמאל ניט אויסטראגען דאס קינד.

פערשטעהט זיך, אז אויב מיר פאסען אויף אויף א פרוי, וואס האט מפיל געווען אזוי שטארק, ווי אויף א געווינערין, איז זי אין א קלענערער געפאהר, ווי ווען מיר לאזען זי אהן יעדער מעדיצינישער הילף.

געוועהנליך בעקלאגען זיך שוואנגערע פרויען אויף א ניט־גוטקייט. עס איז איבעלט זיי, עס איז שלעכט אין מויל, זיי הוכט זיך באלד ברעכען זיי. עס הייסט אפט: די פריהמארגען קראנקהייט, ווייל געוועהנליך איבעלט דער פרוי אין דער פריה, ווען זי הויבט זיך אויף פון בעט. די ניט־גוטקייט פיהלט זיך די ערשטע מאנאטען נור, דערנאך פערגעהט זי.

ווען עס האלט שוין ביי'ם ענדע פערטען מאנאט און אפט ניט פריהער פאר'ן פינפטען, דערפיהלט די פרוי די בעוועגונגען פונ'ם עופ'לע. ס'ארא גליקליכע מינוט! איצט וויים זי, אז אלץ געהט גוט. זי איז א נייע־געבוירענע. איין פרוי גיט איבער, אז דערפיהלענדיג דאס ערשטע מאל ווי דאס קינד ריהרט זיך, האט זיך איהר געדוכט, אז א „פוינעל ציטערט ביי איהר אין די הענד".

די שוואנגערע פרוי לייידט אפט פון נערוועז; זי האט קאפ־וועהטאגען, נעווראלגישע שמערצען, צאהן־וועהטאג. כמעט שטענדיג אין דער צייט האט זי א שווערען, פערשטאפטען מאגען און זי דארף איהם זעהן האלטען אין ארדנונג. עס איז וויכטיג אבצוהיטען די ציינער, ווייל אין צייט פון שוואנגערשאפט ווערען זיי לייכט פערדארבען.

געוועהנליך אין די ערשטע מאנאטען פון שוואנגערשאפט ווע־

דען די ברוסטען גרעסער; די ברוסט־ציצען ווערען אנגעשטרענגט און די הויט ארום דער ברוסט ווערט טונקעל־ברוין.

פון דעם אלעמען זעהען מיר, אז די שוואנגערשאפט רופט זיך אב ניט נור אויף דער געבירמוטער, נור אויך אויף אלע אנדערע אר־גאנען. עס איז קלאר, ווי וויכטיג עס איז פאר דער פרוי צו זיין געזונד. פאקטיש איז יעדעס געוועב אין דער פרוי'ס קערפער אונ־טער דער ווירקונג פון דעם שוואנגערשאפטס־פראצעס.

יונגע פרויען פרעגען אפט ווי דערקענט מען שוואנגערשאפט. דאס איז ניט שטענדיג לייכט. אויף עטליכע סמנים קען מען אבער פערלאזען זיך. דאס זיינען די סמנים: אויב א געזונדע פרוי הערט אויף צו האבען דאס מאנאטליכע, האט אן איבעלקייט אין דער פריה, בעמערקט, אז די ברוסטען ווערען גרעסער און די הויט ארום די ציצען ווערט דונקעל — איז דאס א בעווייז, אז זי שוואנ־גערט. פערשטעהט זיך, אז ניט שטענדיג איז דער דאזיגער דיאג־נאז דער איינציג מעגליכער. נערוועזע פרויען קענען ניט האבען דאס מאנאטליכע, האבען ענטוויקעלטערע ברוסטען, פיהלען זיך שלעכט אין דער פריה און דאך זיינען זיי ניט שוואנגער. איבערי־גענס האב איך אין זין די דורכשניטליכע פרוי און ניט קיין אויס־נאהמען. אבסאלוט זיכער קען די פרוי זיין פיהלענדיג, ווי דאס עופ'לע ריהרט זיך און הערענדיג זיין הארץ שלאגען, דאמאלס זיינען שוין קיין שום צווייפעל ניט מעגליך.

די יונגע פרויען האבען אויך צרות מיט'ן השבון. ווי בערע־כענט מען, ווען זי וועט געלעגען ווערען? ענטפערען אויף דער פראגע איז אויך גאנץ שווער. שטענדיג איז מעגליך צו האבען א טעות אויף צוויי וואכען, ווייל זעהר זעלטען קען מען בעשטימט זאגען, ווען איז די פרוי בעפרוכטעט געווארען. אבער אויב מיר קענען ניט וויסען גענוי דעם טאג, ווען די געווינערין וועט האבען דאס קינד, האבען מיר אבער א פראקטישען מעטאד צו דערגעהן אונגעפעהר דעם דאטום. נעמט דעם דאטום פונ'ם ערשטען טאג, ווען איהר האט געהאט דאס לעצטע מאל דאס מאנאטליכע, לעגט צו זיבען טעג און רעכענט צו נאך ניין מאנאטען. מיר וועלען גע־בען א ביישפיל: מיסיס ל. האט געהאט דאס לעצטע מאל דאס מאנאטליכע אונגעפעהר אקטאבער 5; צוגערעכענט זיבען טעג, האבען מיר אקטאבער 12, איצט נאכאמאל צוגעצעהלט ניין מאנא־טען, בעקומען מיר יולי 12. ד. ה. אז ארום דער דאזיגער צייט קען

די געווינערין געלעגען ווערען. עס איז גוט זי זאָל האָבען אַלעס גרייט שוין מיט צוויי וואָכען פאַר'ן צוועלפטען יולי, אַזוי, אַז זי זאָל קענען די לעצטע צוויי וואָכען זיין די גאַנצע צייט אויף דער פרישער לופט.

אַ שוואַנגערע פרוי דאַרף ווענדען פיעל אויפמערקזאַמקייט אויף איהרע קליידער. זי דאַרף טראָגען איינפאַכע, וואַרימע קליידער; קיין שום קאָרסעטען ניט, קיין ענגע שיך, קיין הויזען־בענדער, קיינע רונדע גאַרטלען — מיט איינעם וואָרט, מיידט אויס אַלעס, וואָס שטערט דער בלוט־צירקולאַציאָן פון וועלכען עס איז טייל פון קערפער. די קליידער דאַרפען זיין וואָס פרייער. בעסער איז צו טראָגען קאָמבינאַציאָנס־אונטערוועש. מיידט אויס יעדען דרוק אויף די געשלעכטליכע טיילען פון אויבען. די קאָרסעטען ברענגען גרויסען שאָדען, סיי דעם קינד, סיי די אָרגאַנען פון דער מוטער. די מוסקולען פון דער געבירמוטער אין בויך ווערען אָבגעשוואַכט. עס איז איבריג צו זאגען, אַז דאָס איז ניט גוט. אַנדערע פרויען האָבען ליעב צו טראַגען די לעצטע טעג פון שוואַנגערשאַפט אַ בויך־גאַרטעל; אויב אַזאַ גאַרטעל איז צוגעפּאַסט צום קערפּער, ווערט די מוסקולען פונ'ם בויך לייכטער צו טראָגען די גרויסע לאַסט און די פרוי פיהלט זיך בעסער. אויב פרויען וואָלטען אַזוי פיעל געטראַכט וועגען זייערע בעקוועמליכקייטען אין דער שוואַנגערשאַפט־צייט, וויפיעל צייט זיי גיבען אָב דעם גאַרדעראָב פונ'ם קליינעם בעשעפעניש, וואָלט עס זיי שטאַרק צוניץ געקומען. און דעם קינד אויך! צו וואָס דאַרפט איהר די אַלטמאָדישע, אָבגעטראָגענע, ענגע קליידער, אַז איהר קענט זיך לאָזען נעהן אַ ספּעציעל בעקוועם קלייד, וואָס זאָל זיין אויף אייער מאָס? דער שטאָף דאַרף ניט זיין קיין צו טייערער, אַבי אַ לייכט, בעקוועם קלייד!

עסען דאַרף אַ שוואַנגערע פרוי נור דאָס איינפאַכסטע, קיינע ספּעציעלע שפּייזען. די שוואַנגערע פרוי מעג עסען אַלץ, סיידען אַ דאָקטאָר פערבאָט איהר געוויסע זאַכען עסען. געוועהנליך מיינען פרויען, אַז זיי דאַרפען עסען פאַר צווייען, עסען זיי זיך איבער און פערדערבען זיך דעם מאָגען. בעסער איז עסען אַביסעל פלייש איין מאָל אַ טאָג; דערפאַר וואָס מעהר וואַסער, מילך, גרינוואַרג און בעזונדערס פרוכטען, וואָס ערלייכטערען די פערדייאונג. קיין פעטס און קראַכמאַל־שטאָפען דאַרף די שוואַנגערענדע פרוי ניט עסען, ווייל ס'איז שווער זיי צו פערדויען. זי דאַרף יעדען טאָג

מאכען אביסעל בעוועגונג, אבער ניט אנשטרענגען זיך דערביי. דאס בעסטע איז געהן שפאצירען אויף דער פרייער לופט אין זונ־שיין. מיידט אויס דאס טאנצען, דאס שווימען, און יעדע אנשטרענ־גענדע ארבייט. נעהן אויף דער מאשין מעג זי, אבער וואס וועני־גער. דאס, וואס שוואנגערע פרויען חלש'ען אין די ערשטע מאנא־טען נעמט זיך אפט פון א לעדיגען מאגען און פון זיצען אין שלעכ־טער לופט אין א שטארק אנגעהייצטען, שלעכט ווענטילירטען צי־מער. איצט איז אנגענומען, אז די מוטער טאר ניט טרינקען קיין אלקאהאלישע געטראנקען.

א שוואנגערע פרוי דארף זיין פיזיש און גייסטיג אקטיוו, אבער זעהן ניט מיד ווערען. זי דארף זיך ניט שרעקען פאר די אלע אבערגלויבישע איינרעדענישען, מיט וועלכע אלטמאדישע ווייבער ווילען איהר פערדרעהען דעם קאפ. זאל זי וואס וועניגער טראכטען וועגען איהר שוואנגערשאפט און דעם קריטישען מאמענט, זיין פרעהליכער, אויפגעלעגטער, וועט אלעס זיין גוט.

די פרוי האט שוין געהאט דאס קינד; די געבירמוטער ווערט איינגעשרומפט, עס איז וויכטיג, אז אין משך פון די זעקס וואכען, ביז די געבירמוטער נעמט אן איהר געוועהנליכע פארם, זאל די פרוי ניט הויבען קיין שווערע זאכען און ניט איבערארבייטען זיך. גע־וועהנליך ווערט די פרוי נאכ'ן שוואנגערשאפט עלטערער, רייפער, איהר געזיכט איז עפעס אנדערש געווארען; עס האט אן אויסדרוק פון גוטסקייט און מוטערליכקייט. די פרוי רופט זיך איצט שטאר־קער אב אויף שמערצען, צרות, זי האט מעהר ליעבע צו מענשען און מעהר סימפאטיע מיט אומגליקליכע. קערפערליך און גייסטיג האט זיך די פרוי געענדערט.

ווילען מיר האבען גוטע מוטערס, מוזען מיר אנהויבען גאר פריה. ערציהט דאס קליינע מיידעל, ענטוויקעלט איהרע ארגאנען, עפענט איהר די אויגען, גרייט איהר צו צו איהר גרויסער, הייליגער מיסיאן!

---

קאפיטעל 10.

## געשלעכטליכע ענטהאלטזאמקייט.

ווערט דאס איננעל געשלעכטליך רייפער, איז ער אין א גרוי־סער געפאהר, אז די נאהענטסטע מענשען זאלען איהם ניט פער־

פיהרען; די מיידעל איז ניט אין אזא געפאהר. איהר וועלען די עלטערען, פערשטעהט זיך, ניט געבען אזעלכע עצות, ווי דעם אינגעל.

די צרה איז, וואָס די עלטערען האָבען א פאַלשע אידעע, אז אויב דאָס אינגעל האָט פּאָלוציאָנען, מוז ער האָבען געשלעכטליכע פערבינדונגען; אז ניט, וועט ליידען זיין געזונדהייט.

און דער אמת איז, אז מיט דער צייט ווערען די ראַזיגע נאַכט־פּאָלוציאָנען אלץ זעלטענער און אויסערדעם זיינען זיי גלאַט ניט שעדליך. אפילו היינטיגע צייטען וויסען דאָס נישט אונזערע מו־טערס; אנדערע וויסען, אָבער מאַכען א שוויינ. מיר קענען ניט האָבען קיין טענות צו די אמאָליגע מוטערס, פאַרוואָס זיי האָבען ניט דערצעהלט זייערע זיהן וועגען זייער געשלעכטליך לעבען; מיים־טענטיילס האָבען זיי אליין וועגען דעם גאָרניט געקענט זאָגען זיי, אפילו ווען זיי וואָלטען געוואָלט מיט זיי רעדען. די מוטערס, ווי די קינדער, האָבען ניט געהאַט קיין שום בעגריף וועגען די געשלעכטלי־כע פונקציאָנען פון דעם קערפּער; זיי האָבען ניט געפרעגט קיין קשיות; זיי האָבען געגלויבט די דאָקטוירים. זיי האָבען געדע־כענט, אז דאָס איז דעם דאָקטאָר'ס זאַך. ער בעפעהלט און זיי דאַרפען פּאָלגען. צום גליק ענדערט זיך איצט די לאַגע. די גע־היימניסען פונ'ם מענשליכען קערפּער, וואָס זיינען הונדערטער יאָה־רען פערטרויט געווען נור מענשען פון דער מעדיצינישער פּראָפע־סיאָן, זיינען שוין איצט מעהר קיין געהיימניסע נישט. עס ווערט דערצעהלט, אז אין יאַפּאַן און כינא איז דעם דאָקטאָר'ס פליכט צו זעהן דער פּאציענט זאָל זיין שטענדיג געזונד און צאָהלען צאָהלט מען איהם נור אינ'ם פאַל, ווען ער איז אין א גוטען געזונדהייטס־צושטאַנד.

אבי מען בעשולדיגט די יאַפּאַנעזער אין באַרבאַרישקייט!

ערשט מיט עטליכע וואָכען צוריק האָב איך גערעדט מיט א פרוי וועגען איהר עלטסטען זוהן: ער איז געווען קראַנק פון צופיעל ארבייט און שלעכטען עסען. איהר איז ניט געפעלען מיין ערקלע־רונג. שטילערהייט האָט זי מיר איינגערוימט א סוד, אז ער איז שוין אלט זעכצעהן יאָהר און „דאַרף א פרוי". איך האָב זיך צו־רעדט מיט איהר און דערוואוסט זיך, אז זי האָט געהאַט א גע־שפּרעך מיט'ן מאַן און ער האָט דעם אינגעל געזאָגט, אז „ווען ער וועט נור דאַרפען א פרוי, זאָל ער איהם זאָגען, וועט ער איהם גע־

בען געלר“. שטעלט זיך פאר, ווי קען שוין דאס אינגעל קוקען איצט אויף א פרוי! היינט די ווענערישע קראנקהייטען! די על־טערען האבען אודאי ניט געוואלט טהון קיין שלעכטס דעם קינד זייערען. זיי האבען געהאט די בעסטע כונות. זיי האבען געגעבען די בעסטע עצה — פון זייער שטאנדפונקט. ניט פון אונזע־רען, פערשטעהט זיך!

אפילו געבילדעטע מענשען האבען דעם טעות מיינענדיג, אז די געשלעכטליכע ארגאנען ווערען אבגעשוואכט, אויב זיי ווערען ניט גענוצט אין דער יוגענד. די בעסטע אויטאריטעטען זיינען געגען דער מיינונג. אלעמען איז בעקאנט, אז די וויכטיגסטע געשלעכטלי־כע ארגאנען זיינען דריזען, וואס זיינען ענליך צו די טרערען־דריזען אין די אויגען אדער די מילך־דריזען פון דער ברוסט. א מענש מעג ניט וויינען יאהרען גאנצע און דאך אטראפירען זיך ניט די טרערען־דריזען.

שטארק איינגעווארצעלט איז אויף דער געדאנק, אז דער גע־שלעכטליכער אינסטינקט איז אזא אינסטינקט, ווי הונגער, דורשט; בעפרידיגט איהר ניט אייער דורשט, בלייבט איהר הונגעריג — פערטראגט עס ניט אייער ארגאניזם, איז ער אין געפאהר. דאס אלץ זיינען בבא־מעשיות. דער געשלעכטליכער אינסטינקט איז ניט אזוי טיראניש, ווי די אנדערע. קען א מיידעל ביז דער חתונה לעבען אהן בעפרידיגונג פון איהר געשלעכטליכער תאוה, פארוואס זאל דאס א בחור ניט קענען? זיי זיינען די זעלבע מענשען. אלע אויטאריטעטען בעהויפטען, אז דאס, וואס א מאן האלט זיך אב פון געשלעכטליכען פערקעהר, שאדט ניט זיין געזונדהייט. נור וואס דען? צו פרויען זיינען מיר שטרענג, און צום מאן — ווייך. דער פרוי ערלויבען מיר נארנישט, איהם — אלעס. דער עיקר איז דא די שולד פון די פרויען. זיי האבען זיך איינגערעדט, אז זיי טארען ניט און דער מאן מעג. אבער וואס ווייטער ווערען פרויען אויף שטרענגער; זיי הויבען אן צו פארערען פון'ם מאן דאס זעלבע, וואס מענער פארערען פון זיי.

האטשינסאן זאגט: די שטארק פערשפרייטע איבערציי־גונג, אז דאס פונקציאנירען פון די געשלעכטליכע ארגאנען אויף אין דער יוגענד איז אונבעדינגט נויטיג פאר'ן מאן, איז א פאלשע. איך מוז זאגען, אז יעדעס געשלעכטליכע לעבען איידער דער אר־גאניזם ווערט אינגאנצען רייף, איז זעהר שעדליך פאר איהם.

ראַנלם ערקלערט, אַז געשלעכטליכע ענטהאַלטזאַמקייט איז אין האַרמאָניע מיט פולשטענדיגער געזונדהייט און ניט נור וואָס זי שוואַכט ניט אָב די מענליכקייט, נור זי פערשטאַרקט זי נאָך.

די אַלטע טעווטאָנען האָבען דאָס שוין געמוזט וויסען מיט הונדערטער יאָהרען צוריק. זייערע יונגע לייט האָבען ביז זעקס-און-צוואַנציג יאָהר ניט געוואוסט פון קיין געשלעכטליכען לעבען און דאָך זיינען זיי געווען פיזיש-שטאַרק, מוטיג און מענליך. זיי האָבען, ווייזט אויס, געהאַלטען, אַז אַ מאַן איז פאַר 26 יאָהר נאָך ניט גענוג רייף געשלעכטליך.

די סטאַטיסטיק ווייזט, אַז פון יעדע הונדערט מענער, וואָס נעמען זיך אָן מיט ווענערישע קראַנקהייטען (וועלכע זיינען דער רעזולטאַט פון געשלעכטליכען פערקעהר) זיינען פינף-און-זעכציג אַלט צווישען 15 און 21 יאָהר, און פינף-און-צוואַנציג זיינען אַלט פון 21 ביז 23 יאָהר. זאָל די יוגענד ניט נאָכגעבען איהרע אינסטינקטען און פון ווענערישע קראַנקהייטען וועט גיך ווערען אַ סוף.

אין זיין „געשיכטע פון פּראָסטיטוציאָן" בעווייזט סאַנגער, אַז דריי-אַכטעלען פון די גאַסען-פרויען אין ניו-יאָרק הויבען אָן פּראָסטיטואירען נאָך איידער זיי זיינען אַלט צוואַנציג יאָהר. דער פּראָצענט מוז פאַקטיש זיין אַ גרעסערער, ווי מיר זעהען עס אין שיקאַגאָ און אַנדערע שטעדט, וועלכע זיינען אויסגעפאָרשט געוואָרען אין דעם זין. אַז מען בעטראַכט די דאָזיגע ציפערען און די סטאַטיסטיק פון ווענערישע קראַנקהייטען, מוז מען קומען צום שלוס, אַז אין דער גרעסטער געפאַהר זיינען בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבען נאָך ניט דערגרייכט קיין רייפקייט. זיי קענען נאָך ניט קאָנטראָלירען זייערע ליידענשאַפטען, זיי פערטראַכטען זיך ניט, וויסען ניט ווי גרויס די געפאַהר איז און פאַלען אַן אָפּפער פון זייער אונוויסענהייט און ניטבעדאַכטקייט.

שאַסעניאַק איז איבערצייגט, אַז וואָס געזונדער און נאָרמאַלער אַ מענש איז, אַלץ לייכטער איז איהם האַלטען אין צוים זיינע ליידענשאַפטען. ווי אָפט בעשליסען מענער צו בלייבען געשלעכטליך-ריין, ביז זיי וועלען זיך בעגעגענען מיט זייער בעשערטער און האָבען זיי אַביסעל כאַראַקטער, האַלטען זיי זייער „נדר". נעמט אַטלעטען, ספּאָרטסמענען; פון זייער פּראַקטיק וויסען זיי, אַז די געשלעכטליכע לוסט שטערט זיי אין זייער אַרבייט, האַלטען זיי זיך אָב פון געשלעכטליכען לעבען אָהן יעדען שאָדען פאַר'ן געזונד.

יעדע מיידעל דאַרף קוקען אויפ'ן מאַן, וואָס „לעבט אַ טאָג"

מיט א פעראכטונג. זי דארף פערשטעהן, אז אן אויסגעלאסענער מאן איז ערגער פון אן ארעמער מיידעל, וועלכע איז געצוואונגען לעבען אויסגעלאסען פון נויט. זאָל די פרוי פאָדערען מעהר פונ׳ם מאן, וועט ער ווערען בעסער, ריינער. זאָלען אונזערע עלטערען זיין שטרענגער, וועלען זיי די קינדער זיין דאנקבאר. ניט וועקען און שטארקען דעם יצר הרע דארפען זיי, נור דערשטיקען זיין קול, ניט לאָזען איהם אויפהויבען א קאָפּ.

אָבער די עלטערען זיינען אונוויסענד און די דאָקטוירים שוויינען — און דערוויילע פערשפרייטען זיך שרעקליכע קראנקהייטען אלץ מעהר. מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט ד״ר מאראו ערקלערט, אז געשלעכטליכע קראנקהייטען זיינען שטארקער פערשפרייט צווישען אונשולדיגע מוטערס פון פאמיליען, ווי צווישען גאסען־פרויען. די געשיכטע איז פערשוויגען געוואָרען. עס איז געבליבען ערגעץ פערשריבען, פראָטאָקאָלירט, די ספּעציאַליסטען האָבען זיך ניט געוואונדערט, זיי ווייסען דאָס שוין פון לאנג און דער גרויסער עולם איז ניט אויפגעציטערט געוואָרען פון דער דאָזיגער ערקלערונג פשוט דערפאר, וואָס זי איז צו איהם ניט דערגאנגען. דער עולם איז דאָך א גולם. דער עולם טאָר ניט וויסען אזעלכע זאכען.

עס ווערט בעהויפּטעט, אז פון יעדע טויזענד פערהייראטע מענער אין ניו־יאָרק האָבען אכט־הונדערט גאָנאָרעע און נייניציג פּראָצענט פון זיי האָבען זיך ניט אויסגעקורירט און קענען אָנשטעקען זייערע פרויען. דער רעזולטאט איז, אז פון יעדע פ י נ ף פערהייראטע פרויען אין ניו־יאָרק האָבען ד ר י י גאָנאָרעע. איהר וועט זאָגען, אז דאָס איז אן איבערטרייבונג, א ליגען, א אונמעגליכקייט, וועל איך אייך ברענגען די ווערטער פון א גרויסען אוטאָריטעט : איבער 90% פון אונזערע יונגע לייט האָבען פאַר דער התונה געשלעכטליכע פערבינדונגען ; 60% פון זיי נעמען זיך אָן מיט געשלעכטליכע קראנקהייטען, וועלכע עס איז שווער צו היילען ; מעהר ווייבער ווי גאסען־פרויען האָבען וועגערישע קראנקהייטען ; אן אכטעל פון אלע קראנקע אין די ניו־יאָרקער האָספּיטעלער זיינען וועגעריש קראנק ; 20,000 קראנקע פּראָסטיטואירענדע פרויען געהען ארום איבער די גאסען טעגליך.

הערענדיג אזעלכע ווערטער, בלייבט ביי אונז שוין קיין שום ספק ניט, אז די וועגערישע קראנקהייטען זיינען א צרה און א גרויסע, מיט וועלכער מיר דארפען קעמפּפען.

קאפיטעל 11.

# גאנארעע.

גאנארעע איז ניט אזא געפעהרליכע קראנקהייט, ווי סיפילים, אבער זי איז געפעהרליך. אמאליגע צייטען האבען זיך אלע אויס־געלאכט פון גאנארעע. אויך מיר א קראנקהייט! מען האט זי בעטראכט פאר א קליינעם קאטאר, א קלייניגקייט. איצט פער־שטעהען מיר די זאך בעסער.

גאנארעע איז אן ענטצינדונג פון'ם אורינען־קאנאל, ד. ה. פון יענעם קאנאל, איבער וועלכען עס פליסט דאס וואסער, וואס מיר לאזען ארויס. די סימפטאמען זיינען פאלגענדע: א רויטקייט, אן אנגעשוואלענקייט, א בייסענדיגער שמערץ בשעת'ן וואסער־לאזען און דערביי פליסט פונ'ם ארגאן א דיקע, אייטעריגע, גיפטיגע פליסיגקייט, וואס איז אין אנהויב קרעם־פארביג און שפעטער צו גרינליך־געל.

די גרעסטע אויטאריטעטען בעטראכטען די קראנקהייט פאר א ריין געשלעכטליכע. זיי רעכנען, אז די קראנקע שטעקען זיך אן מיט גאנארעע, נור פערקעהרענדיג געשלעכטליך. פערשטעהט זיך דאס ערקלערט ניט די גאנארעע ביי קינדער; זיי האבען דאך ניט קיין געשלעכטליכען פארקעהר; זיי נעמען זיך אן פון זייערע מו־טערס, אדער אמען אדער רינסטמיידלעך, אדער ווען זיי ריהרען זיך אן אין אינפיצירטע זאכען און ערטער.

אמאל האט מען געמיינט, אז גאנארעע האט צו טהון מיט'ן מאנאטליכען ביי פרויען. קיין ריכטיגע ערקלערונג איז דאס ניט געווען. אן אמת'ע ערקלערונג פון די אורזאכען פון דער קראנק־הייט האט געגעבען ד"ר נייסער אינ'ם יאהר 1879: ער האט ענט־דעקט דעם מיקראב, וואס רופט ארויס די קראנקהייט. ער האט איהם א נאמען געגעבען: גאנאקאק... איצט ווייסען מיר, אז האט א מענש גאנארעע אדער ליידעט פון איהר כראניש איז דאס דער־פאר, וואס אין זיין ארגאניזם האבען זיך אריינגע'גנב'ט אדער ליגען פון אמאל בעהאלטען גאנאקאקען.

מיר טרייבען ניט איבער זאגענדיג, אז ניט ווייניגער פון 50% פון דער בעפעלקערונג (ניט גערעכענט קיין קינדער) אין די פער־איינינטע שטאאטען, האט אמאל געליטען אדער ליידט איצט פון

גאַנגרענע. מענער זיינען מעהר אַנגעשטעקט מיט דער קראַנקהייט, ווי פרויען.

האָט זיך א מענש אָנגענומען מיט גאַנגרענע, וועלען זיך די סימפּטאָמען בעווייזען אין דריי־פיער טעג ארום, שפּעטעסטענס אין א וואָך ארום. ווערט ער געהיילט ווי עס דאַרף צו זיין, בּאַרשווינ־דען די סימפּטאָמען אין זעקס—אכט וואָכען ארום.

עס איז נויטיג וואָס גיכער צו לויפען צו א גוטען, עהרליבען דאָקטאָר. וואָס גיכער איהר פערכאַפּט די קרענק, אלץ שנעלער וועט זי פערגעהן. דער קראַנקער דאַרף זיך היטען אָבער פאַר שאַר־לאַטאַנען, פאַר מענשען, וואָס רעקלאַמירען זיך אונפערשעמט, וואָס זאָגען צו גליקען, וואָס היילען אלע קראַנקהייטען געשווינד און טאַקי באַלד אויפ׳ן אָרט. טויזענדער יונגע לייט ווערען פערנאַרט פון אזעלכע שאַרלאַטאַנען. זיי היילען אוים די קראַנקהייט נור אָבערפלעכליך. דער פּאַציענט איז צופרידען: קיין פליסיגקייט, קיינע סימפּטאָמען, הייסט עס ער איז געזונד, אָבער דער אונעהר־ליכער דאָקטאָר האָט נור פערטריבען די מיקראָבען אינ׳ם אָרגאַ־ניזם אריין: זיי בעהאַלטען זיך ערגעץ אין די געוועבען, דרינגען אריין אין די נירען, הארץ, געלענקען און אפילו אין געהירען אריין, פון דרויסען איז דער מענש געהיילט; אָבער אינווענינ אין די געוועבען ליגען זיי, אָפּט יאָהרענווייז, די שעדליכע מיקראָבען. זאָל נור דאָס געוועב אָדער אָרגאַן ווערען אָבגעשוואַכט, ענטצונדען, און די דאָרט בעהאַלטענע גאָנאָקאָקען וועלען ווערען אקטיוו: די אַלטע גאָנאָרעע וועט זיך אָברופען. אין דערזעלבער ריכטונג ווירקען אויך אלקאָהאָלישע געטראַנקען און צו אָפטער געשלעכט־ליכער פערקעהר.

פרויען ליידען ניט ווענינ פון גאָנאָרעע; מייסטענטיילס בעזעצען זיך די גאָנאָקאָקען אין דעם נאַקען פון דער געביר־מוטער און אינ׳ם אורינען־קאַנאַל. זעהר אָפט האָט די פרוי קיין אהנונג ניט, אַז זי איז קראַנק. אַזוי קען אוועקגעהן א צייט און זי זאָל דערווייל, ניט פערדעכטיגענדיג גאָרנישט, איבערגעבען די קראַנקהייט א וועלט מיט מענשען, פּאָראויסגעזעצט, אַז זי איז א גאַסען־פרוי. דער מאַן, אָבער, ווייס שטענדיג, אַז מיט איהם איז עפּעס דער מעהר. ער איז א פערברעכער, אויב ער פערלאָזט די קראַנקהייט און נאָך א גרעסערער, אויב זייענדיג קראַנק, פער־קעהרט ער מיט פרויען.

ווערען פון גאָנאָרעע אָנגעשטעקט די געשלעכטליכע אָרגאַנען

פון דער פרוי — די געביר־מוטער, דער אייערשטאק — קען דאס פערשטאפען די פאלאפיען־רעהרען און שטערען דער בעפרוכטונג פון'ם פרויען־איי, ד. ה. די פרוי ווערט אונפעהיג צו האבען קינדער. עס איז א סברה, אז מעהר ווי א דריטעל פרויען זיינען קינדערלאז צוליעב דער גאנארעע, וועלכע זיי האבען בעקומען א מתנה פון זייער מאן. דער מאן קען אויך ווערען אונפעהיג צום געשלעכט־ליכען לעבען פון גאנארעע.

האט זיך די קראנקהייט איבערגעטראגען אין די געשלעכטס־ארגאנען, קענען די ארגאנען ווערען כראניש ענטצונדען, סיידען מען פערהאפט באלד. די כראנישע גאנערעע איז א שווערערע קראנק־הייט, ווי די אקוטע; איהר איז שווערער בייצוקומען; אין מייסטע פאלען מוז די פרוי זיך לאזען אפערירען.

איהר בעגעגענט מאסען פרויען, וואס קלאגען זיך, אז זיי האבען ניט געהאט קיין איין פרעהליכען טאג זינט דער חתונה. איהר ווילט וויסען: פארוואס? עס איז ניט שווער צו זאגען פארוואס: זיי מוזען ליידען פון גאנארעע.

אינטערעסאנט איז, אז אפט האט א מאן גאנארעע און ווייסט דערפון ניט. עס טהוט איהם גארניט וועה, ער קומט זיך צונויף מיט'ן ווייב, מיט א געזונדען, ציכטיגען פרויענצימער, שטעקט איהר אן מיט גאנארעע, האט ווייטער מיט איהר פערבינדונגען, און איצט גיט זי איהם שוין איבער די קרענק, מיט וועלכער ער האט איהר אנגעשטעקט. האט דער מאן פריהער ניט געפיהלט קיין וועהטאג, הויבט ער איצט אן צו פיהלען א וועהטאג; די בעהאל־טענע קראנקהייט איז געווארען אקטיווער. ער האט זיך אנגענומען פון זיין אייגענער פרוי און דער שולדיגער איז ער אליין. מייסטענס מיינען מענער, אז זיי זיינען געהיילט, ווייל די דרויסענדיגע סימפ־טאמען זיינען פערשוואונדען, קיין שמערצען האבען זיי ניט, די פליי־סיגקייט געהט מעהר ניט, אבער דאס איז אן איינרערעניש! מע־נער דארפען זיין פארזיכטיגער.

א בעריהמטער לעקטאר האט ניט לאנג ערקלערט אין א לעק־ציע, אז אויב דער געליבטער, דער צוקונפטיגער מאן דערצעהלט א מיידעל, אז ער האט אמאל געהאט א ענטצינדונגס־רעוומאטיזם פון די געלענקען זאל זי ניט וואגען חתונה צו האבען מיט דעם מאן, איידער ער וועט זיך זעהן מיט א ספעציאליסט. ער האט דאס אזוי פארמולירט: קיין יונגער מאן דארף ניט האבען קיין ענטצינ־

דונגס־רעוומאטיזם. האט ער עס, איז דאס פערדעכטיג. אנדערע אויטאריטעטען געהען ניט אזוי וויים, אבער אלע זיינען מודה, אז מייסטענטיילס איז אן ענטצינדונגס־רעוומאטיזם א סמן פון גאָ־נאָרעע.

נאך א שרעקליכען רעזולטאט האט גאָנאָרעע: א פרוי איז גליק־ליך, זי האט געהאט די קראנקהייט, זיך אויסגעהיילט, טראגט אוים א קינד, אבער ווי אפט ווערט זי פערצווייפעלט, דערזעהענדיג, אז די געפעהרליכע פליסיגקייט האט אנגעריהרט די דעליקאטע אויגען־הייטעל פונ'ם קינד. אויב מען נעמט ניט אן קיין מיטלען באלד, קען דאס קינד בלינד ווערען. איבער 80% בלינדע עופה־לעך זיינען געווארען בלינד פון דער מוטער'ס גאָנאָרעע. היט אייערע קינדער!

א גליק איז וואס די גאָנאָקאקען קענען ניט לעבען לאנג אויסער וייער נאטירליכער סביבה; זיי ווערען אויסגעטריקענט שנעל און געוויסע לעזונגען פון ביכלאריד און פערמאנגאנאט פון פאטאש טוי־טען די געפעהרליכע ארגאניזמען.

וואס דארף טהון א מענש, וואס איז קראנק געווארען אויף גאָנאָרעע? ניט שרעקען זיך, נור הערען וואס זיין דאקטאר זאגט איהם, פאלגען זיין ראטה; רוהען וואס מעהר, אבזאגען זיך פון אלקאהאלישע געטראנקען, ניט עסען קיין שארפע שפייז, ניט אויפ־רעגען זיך געשלעכטליך. ווען ער דאס טהון, וועט ער זיך אויס־היילען.

איז דא א מעגליכקייט זיך אויסהיטען פון דער קראנקהייט? יא און ניין. קיין מעגליכקייט, אויב דער מאן האט צו טהון מיט פערשיעדענע פרויען. דאס איינציגע, וואס קען אמאל פערהיטען פון גאָנאָרעע איז לעבען מיט אן אנשטענדיגער ווייב און אבזאגען זיך פון יעדען אנדערען געשלעכטליכען פערקעהר, סיי פאר דער חתונה, סיי נאך דער חתונה.

עס ווערט דערצעהלט, אז ווען מען האט געפרעגט א יונגען אירלאנדישען דאקטאר, ווי היילט ער גאָנאָרע, האט ער געענטפערט: מ י ט פ ע ר א כ ט ו נ ג. דאס איז מעהר ווי אן אנעקדאט. א לאנגע צייט האט מען זיך פון דער קראנקהייט ניט געמאכט. האט זיך אבער די וועלט דערוואוסט, אז טויזענדער מענשען, בעזונדערס פרויען, נעמען זיך אן מיט דער קראנקהייט גאנץ אונשולדיג, ניט וויסענדיג ווי עס קומט צו זיי — און די בעציהונג צו דער קראנק־הייט האט זיך געענדערט. מיר, פרויען, האבען א רעכט צו שטעלען

פאַרערונגען דעם שטאַאט. ער סאַנקציאָנירט די הייראַט און גיט דער פרוי קיין שום גאַראַנטיען נים, אַז די הייראַט וועט ניט זיין פאַר איהר אַן אומגליק. די רעגירונג אַנערקענט פּראָסטיטוציאָן, קאָנ־טראָלירט זי, לאָזט אונטערזוכען גאַסען־פרויען אין די אינטערעסען פון דעם מאַנ'ס זיכערקייט. אָבער בעשיצט די רעגירונג די פרוי אַזוי, ווי זי בעשיצט דעם מאַן? די גאַסען־פרוי דאַרף זיין גע־זונד, נו און יענער, וואָס געהט צו דער גאַסען־פרוי, ער מעג זיין קראַנק? זי טאָר איהם ניט אַנשטעקען, אָבער ע ר מעג ז י י אַנשטעקען? דאָס געזעץ בעשיצט ניט די שוואַכע פרוי. פרויען זיינען אָפּפער פון'ם מאַנ'ס זינד. און דאָס איז רעכט ביי די פער־טרעטער פון דער היינטיגער אָרדנונג, דאָס הייסט „בעשיצען די פאַמיליע".

ד"ר דזשיימס ס. וואוד דערצעהלט פון א זעהר אינטערעסאַנ־טען פאַל פון זיין פּראַקטיק: עס קומט צו איהם א פרוי, א דער־שלאָגענע, א אומגליקליכע. זי איז פערהייראַט שוין פינף יאָהר: אַלט איז זי אינגאַנצען 25 יאָהר, און זעהן זעהט זי אויס פערעל־טערט, צובראָכען. איהרע געשלעכטליכע אָרגאַנען זיינען אין א רואינירטען צושטאַנד. אין דער מענסטרואַציאָנס־פּליסיגקייט שוויבעלט עס מיט גאָנאָקאָקען. קיין צווייפעל ניט, די פרוי האָט גאָנאָרעע. דער מאַן האָט זיך מודה געווען; ער האָט געכאַפּט א גאָנאָרעע פאַר דער חתונה. דער דאָקטאָר האָט אָפּערירט די פרוי; זי איז א ניי־געבוירענע געוואָרען. זי איז געווען פאָלקאָמען גע־זונד; אַזוי זיינען פערגאַנגען זעקס מאָנאַטען, קיינע שלעכטע סימפּטאָמען: אַלץ אין אָרדנונג, פּלוצלונג קומט זי צום דאָקטאָר און ווי ערשטוינט איז ער זעהענדיג, אַז זי האָט שוין ווידער גאָ־נאָרעע. וואָס איז געשעהן? מען הויבט אָן אויספרעגען דעם מאַן: ער דרעהט זיך, ער שעהמט זיך צו רעדען, ענדליך דערגעהט מען פון איהם, אַז ער האָט א „לעב געטהון" און האָט ווייטער גע־כאַפּט אָדער אין איהם האָט זיך אָבגערופען די אַלטע גאָנאָרעע.

דער נור־וואָס ציטירטער פאַל איז ניט קיין איינצעלנער. אַזוינס טרעפט זיך יעדען טאָג, און פרויען הויבען ניט אויף זייער קול. זיי דאַרפען זיך מאַכען ניט וויסענדיג, האַלטען פאַסאָן, זיי זיינען אונשולדיגע בעשעפעניששען און זיי טאָר מען ניט דערצעהלען וועגען געשלעכט, אָבער שוין הערען זיך אַנדערע שטימען. מאָד גלעסנאָו שרייבט אינ'ם מעדיצינישען רעקאָרד: יאָהרען ליידט א פרוי די גרעסטע צרות, זי ווערט שוואַך, נערוועז, אַלט; איהר

לעבען ווערט איהר נמאס. די איינציגע האָפנונג איז אן אָפּעראַ־ציאָן: און האָבענדיג שוין די אָפּעראַציאָן געמאכט, בלייבט זי פערקריפּעלט, געשלעכטלאָז אויפ'ן גאנצען לעבען, — אזוי רערט היינטיגע צייטען אַ פרוי.

די פרוי וויל שוין ניט זיין קיין כפרה־היהנדעל פאַר פרעמדע זינד — זי וויל ניט וויסען פון קיין דאָפּעלטער בוכהאַלטונג: זי גיט אָב אַלץ דעם מאַן און האָט אַ רעכט צו פאָדערען פון איהם אַלץ. זי איז געשלעכטליך ריין, דאַרף ער אויך זיין געשלעכטליך־ריין. ווי נור די פרוי וועט פערשטעהן, אז איהר איז ניט אַלץ איינס, ווי אַזוי דער מאַן איהרער האָט געלעבט פאַר דער חתונה, וועט זי אָנהויבען קוקען אַנדערש אויף זיינע אַוואַנטורען. זי מוז פערשטעהן, אַז דעם מאַנ'ס אויסגעלאַסען לעבען איז אַ געפאַהר פאַר איהר און איהרע קינדער און זי וועט רעוואָלטירען געגען דער היפּאָקראַטישער מאָראַל, וואָס ערלויבט דעם מאַן צו רואינירען זיין פאַמיליע.

---

## קאַפּיטעל 12.

# סיפילים.

בעריהמטע מעדיצינישע אויטאָריטעטען בעהויפּטען, אז פאַר דער ענטדעקונג פון אמעריקא האָט מען אין אייראָפּא פון קיין סיפי־ליס ניט געוואוסט. אנדערע גרויסע אויטאָריטעטען זיינען מיט זיי ניט איינפערשטאַנען: לויט זייער מיינונג, איז די דאזיגע געפעהר־ליכע קראַנקהייט געווען אן אַלט־איינגעזעסענע אין אייראָפּא, נור געוועגליך האָט מען ניט געקענט אונטערשיידען צווישען איהר און אַנדערע קראַנקהייטען, ווי, צום ביישפּיל, קרעץ. איבריגענס, איז אַ היינטיגען יונגערמאַן אָדער מיידעל ניט וויכטיג צו וויסען, פון וועל־כען לאַנד די קראַנקהייט שטאַמט און ווי אַלט זי איז. אונז איז וויכטיג צו וויסען אז סיפילים האָט זיך פערשפּרייט גאַנץ שטאַרק אין אונזערע הייזער און געשעפטען און פאַבריקען. מיר דאַרפען זעהן צו פערשטעהן וואס איז דאָס פאַר אַ קראַנקהייט און ווי מיידט מען זי אויס.

אַ אינטערעסאַנטער אנעקדאָט ווערט דערצעהלט וועגען אַ פראַנצויזישען ערעלמאַן. בעגלייטענדיג זיין זוהן, וועלכער האָט פערלאָזען דעם פאָטער'ס הויז און געפאָהרען אין אַ גרויסער שטאָדט,

האָט דער פאָטער אזוי געזאָגט דעם זוהן: אויב דו האָסט ניט מורא פאַר גאָט, טו האָב מורא און היט זיך ווענינסטענס פון סיפיליס.
די זעלבע עצה קענען מיר איצט געבען יעדען יונגערמאַן, יעדער מיידעל. אויב אַלע וואָלטען געוואוסט די שרעקליכע פאָלגען פון דער דאָזיגער קראַנקהייט, וואָלטען זיי דערציטערט געוואָרען פאַר שרעק. סיפילים איז דער גרעסטער, דער שרעקליכסטער שונא פון דער מענשהייט.

סיפילים איז א אַנשטעקענדע קראַנקהייט, וואָס נעמט זיך פון א געוויסען מיקראָב, וועלכער בעזעצט זיך אינ'ם אָרגאַניזם בירושה אָדער פון אַנשטעקונג.

די קראַנקהייט איז אַ כראָנישע. זי לאָזט אָב, ווערט שוואַכער, לאָזט זיך גאָרניט פיהלען און פלוצלינג בעוויזען זיך ווידער די שרעקליכע סימפטאָמען און זי הויבט אויפ'ן ניי אָן אויפצופרעסען דעם אָרגאַניזם. עס איז אונבעשטימט, ווי לאַנג האלט זיך דער סי־פיליטישער גיפט אינ'ם אָרגאַניזם. די קראַנקהייט קען אָנכאַפּען יע־דען איינעם אָרגאַן; קיינער איז פאר איהר ניט בעוואָרענט.

סיפילים איז ניט קיין לאָקאַלע אָדער נאַציאָנאַלע קראַנקהיים. דאָס איז א וועלט־צרה: סיפילים איז פערשפרייט איבער דער גאַנ־צער וועלט.

וואָס זיינען די סימפטאָמען פון סיפילים? מיר נעמען א גע־וועהנליכען פאַל. א יוננערמאַן האָט געהאַט געשלעכטליכע פער־העלטניסען מיט א סיפיליטישער פרוי. עס פערגעהען ארום פינף וואָכען, ער בעמערקט גאָרניט. אָבער פלוצלינג דערזעהט ער אויפ'ן געשלעכטליכען אָרגאַן עפּעס א בלעזעל, וואס וואקסט, ווערט גרע־סער. דאָס בלעזעל ווערט פערהאַרטעוועט פון אונטען און אייטערט פון אויבען: דאָס דאָזיגע געשוויר הייסט שאַנקער. צעהן טעג פערגעהען, זייט דאָס געשוויר, דער שאַנקער האָט זיך בעוויזען און דער יונגערמאַן בעמערקט, אַז די דריזען פון דעם שטאָמאָרט (פאַך) ווערען אָנגעשוואָלען. קיין גרויסען וועהטאָג פיהלט דערווייל דער יונגערמאַן ניט. אָפט האָט ער קיין שום וועהטאָג ניט. מאַכט ער זיך ניט, טהוט גאָרניט.

אין דריי־פיער וואָכען אַרום עפענט זיך דאָס געשוויר, אָבער די פערהאַרטונג בלייבט אונטער'ן הויט. דאָס זיינען אלע אָרטיגע סימפטאָמען: אין צוויי־דריי מאָנאַטען נאָך דער אַנשטעקונג בע־מערקען מיר שוין די ערשטע גענעראַל סימפטאָמען. די ביינער

ברעכען, ביי נאכט פיהלט דער קראנקער א קליינעם פיבער, ער איז נייסטינ דערשלאגען, אן אויסשלאג בעמערקט זיך אויפ'ן לייב און וואונדען אין מויל און האלז. דערזעהענדיג דאס, דערשרעקט זיך דער קראנקער, לויפט צום דאקטאר און דערגעהט די טרויעריגע נאכריכט, אז ער האט סיפיליס אינ'ם צווייטען סטאדיום. אזא צו־שטאנד דויערט געוועהנליך צוויי אדער צוויי־און־א־האלב יאהר. דער אויסשלאג פערגעהט אפט שנעל, אבער קעהרט זיך צוריק ווידער.

דאס בלוט אינ'ם קערפער פונ'ם קראנקען און די געשווירען אויפ'ן לייב און הויט האבען אין זיך די גיפטיגע שטאפען, וואס קענען אין משך פון דריי־פיער יאהר איבערגעגעבען ווערען סיי בירושה די קינדער, סיי אנדערע מענשען, מיט וועלכע דער קראנקער קומט אין בעריהרונג.

נאכ'ן צווייטען סטאדיום קומט דאס דריטע — עפעס שרעק־ליכערעס קען מען זיך ניט פארשטעלען! בעזונדערס צושטערענד ווירקט די שטארק ענטוויקעלטע קראנקהייט אויפ'ן נערוועז־סיס־טעם. גאנץ אפט רופט סיפיליס ארויס מענינגיטיס פון געהירן און רוקענביין, פאראליז פון פיס אדער איין זייט פון קערפער, פער־ווייכונג פון געהירן און פערשידענע אנדערע קראנקהייטען, וואס צושטערען דעם רוקענביין און ווערען זעלטען, זעלטען קורירט.

מיר ווייסען פון אזעלכע פאלען, ווען סיפיליס איז ניט דערגאנ־גען צום דריטען סטאדיום. עס איז ניט קיין מוז, אז א קראנקער זאל דוקא דורכגעהן די קראנקהייט אין אלע איהרע שטופען. אויב ער זעהט זיך היילען באלד אין אנהויב, קען ער האפען אויסמיידען די שרעקליכע ווירקונגען פון דעם לעצטען, געפעהרליכסטען דריטען סטאדיום. אפט אבער פערגעהען חדשים און יאהרען זייט די ערשטע וואונדען האבען זיך בעוויזען און עס דוכט זיך, אז די קראנקהייט פראגרעסירט ניט און פלוצלונג — אלע סימפטאמען פונ'ם דריטען סטאדיום. דעריבער איז נויטיג איינס: זיין פארזיכטיג, ניט נע־ווארט, ניט אבגעלעגט! ווי נור איהר האט א פערדאכט, אז איהר האט געכאפט די קראנקהייט, פרעגט דעם דאקטאר, קורירט זיך סיסטעמאטיש, פערלאזט ניט די קראנקהייט, אויב איהר ווילט זיך ניט קוילען.

אין יעדען פאל פון סיפיליס מוז זיך בעווייזען דאס סיפיליס־בלעזעל, דער כאראקטעריסטישער שאנקער און געוועהנליך טאקי — אויפ'ן ארט פון דער אנשטעקונג; ארום דעם דאזיגען ארט ווערען

געשוואלען די דריזען. האט איהר גענוצט עפעס, וואס דער סיפיליטיקער האט געהאלטען אין מויל און האט ער אין מויל וואונדען, קענט איהר זיין זיכער, אז שאנקרען וועלען ארויסשפרינגען ביי אייך אויף די ליפען, אין האלז אדער מויל און די דריזען פונ'ם האלז וועלען אנגעשוואלען ווערען.

מען רעכענט, אז א צעהנטעל פון די, וואס נעמען זיך אן מיט סיפיליס, נעמען זיך אן אונשולדיגערהייט, בעזונדערס אין אייראפע, וואו עס איז איינגעפיהרט, אז מען קושט זיך, מען נעמט זיך ארום. אויף אזא אופן גיט זיך איבער די שרעקליכע קראנקהייט. ביי אונז אין די פעראייניגטע שטאאטען איז דאס זעלטענער.

אן וועלכע סימפטאמען דערקענען מיר די קראנקהייט ביי פרויען? מיר מוזען געדענקען, אז אין אנהויב קראנקהייט האט די פרוי ניט קיין אהנונג פון דער קראנקהייט. ברעכען איהר די ביינער, מיינט זי, אז זי האט מאלאריא אדער האט זיך איבערגעארבייט. די וואונד אין מויל שרעקט זי אביסעל, אבער זי רעכענט, אז דאס וועט באלד פערגעהן. אפילו דער אויסשלאג אויף דער הויט איז פאר איהר קיין ווארנונג ניט. אויפמערקזאמער ווערט זי נור, זעהענדיג, אז זי האט פון יאהר צו יאהר אבארטען. אזוי קענען אוועקגעהן יאהרען און די קראנקהייט זאל זיך טהון איהרס און די פרוי זאל אלץ ניט מערקען גארניט. גיט שטענדיג איז דאס אזוי. ביי יעדען איינעם נעמט די קראנקהייט אן אן אנדער כאראקטער. ביי איינעם געהט עס שנעלער, ביי דעם אנדערען — לאנגזאמער.

גאנארעע און סיפיליס זיינען עהנליכע קראנקהייטען, אבער זיי אונטערשיידען זיך שטארק איינע פון דער אנדערער. די סימפטאמען פון גאנארעע בעווייזען זיך אין א וואך אדער צעהן טעג נאך דער אנשטעקונג, וועהרענד סיפיליס לאזט זיך פיהלען ערשט אין פינף־ זעקס וואכען. גאנארעע ווערט בעטראכט פאר א ריין געשלעכטליכע קראנקהייט, ווייל מיט גאנארעע נעמט זיך איינער אן, האבענדיג געשלעכטליכען פערקעהר נור. אנדערש איז מיט סיפיליס. מיט סיפיליס קען מען זיך אננעמען אין רעסטאראן, באר, ביי'ם דענטיסט. בענוצענדיג זיך מיט'ן סיפיליטיקער'ס האנדטוך, גלאז, גאפעל ריזיקירט איהר ווערען סיפיליטיש. ראזירענדיג זיך אדער היילענדיג די ציינער קענט איהר זיך אננעמען מיט דעם געפעהרליכען סיפיליטישען גיפט.

גאנגרענע ווערט בעטראכט פאר א געפאהר פאר דער געזעל־שאפט, ווייל זי האט א שלעכטע ווירקונג אויף די געשלעכטלי־כע ארגאנען, מאכענדיג דעם מאן אפט אונפעהיג צו'ם געשלעכט־ליכען לעבען. אויב אזוי קוקען, איז סיפילים נאך א גרעסערע גע־פאהר, ווייל ער ווירקט ניט נור אויפ'ן קראנקען, נור אויך אויף זיינע קינדער. פאר די זינד פון די פאטערס מוזען אבקומען די קינדער.

פון זעכציג ביז אכציג פראצענט קינדער פון סיפיליטישע עלטערען שטארבען באלד, ווי זיי ווערען געבארען אדער אין דער פריהעסטער קינדהייט. א געוויסער שרייבער האט ריכטיג בע־מערקט: „דער גרעסטער פערברעכער איז דער ריעניגער, וואס פער־גיפטעט די לעבענס־צעלען פון דעם קינדער־ארגאניזם".

אינ'ם פאל פון ערבליכען סיפילים בעמערקען מיר ניט קיין שאנקרען אדער וואונדען. אבער די אנדערע סימפטאמען זיינען אזוי בולט, אז יעדער דאקטאר קען גלייך שטעלען א דיאגנאז.

לאזט זיך א קראנקער באלד קורירען, קען ער האפען, אז מיט דער צייט וועט ער קענען האבען געזונדע קינדער. ער דארף ווארטען ניט ווייניגער פון צוויי יאהר — אין אנדערע פאלען טאר ער פאר פינף יאהר נאך דער אנשטעקונג און קורירונג ניט האבען קיין געשלעכטליכע פערהעלטניסען מיט זיין פרוי אדער יעדער אנדערער פרוי. טהוט ער עס דאך, גיט ער איבער די מיאוסע, שווערע קראנק־הייט זיינע קינדער. די מוטער איז אין נאך א גרעסערע געפאהר. מיר קענען שווער בעשטימען, ווען מעג א סיפיליטישע פרוי לעבען געשלעכטליך. עס איז בעוואוסט, אז פרויען האבען איבערגעגעבען זייערע קינדער סיפילים, נאכדעם ווי יאהרען לאנגע האבען זיך קיין שום סימפטאמען אדער וואס פאר ס'איז סמנים פון דער קראנקהייט ניט געלאזט זעהן אדער פיהלען.

גוטע אויטאריטעטען זאגען, אז אויב א קראנקער האט סיפי־לים פינף יאהר און האט ניט ווייניגער פון צוויי יאהר ניט געהאט קיין שום אנפאלען אדער סמנים פון דער קראנקהייט און ניט גענויטיגט זיך אין קורירען, מעג ער התונה האבען און בכלל לעבען געשלעכטליך. אודאי קען ער אויך נאך פינף יאהר האבען ווידער אנפאלען פון סיפילים, אבער דאס איז דאמאלס ניט מעהר אנשטעק־קענדיג.

די רעזולטאטען פון דעם קורירען זיך חענגען אב פון די גע־

וואוינהייטען פון א מענשען, זיין נאַטור, זיין סביבה. עס איז ניט נוט, אז דער קראַנקער איז א טרינקער און האָט ליעב צו רויכערען. אַלקאָהאָליקער איז זעהר שווער אויסצוקורירען.

עס קען ניט זיין קיין צווייפעל, אז אויב סיפיליס ווערט קורירט ווי עס דאַרף צו זיין, מעג יעדער קראַנקער האָפען אויף גע־נעזונג. דער בעריהמטער פראַנצויזישער געלעהרטער פורניע זאָגט: איך אליין וואָלט געקענט דערצעהלען פון הונדערטער קראַנקע מיינע, וואָס האָבען זיך אויסגעקורירט פון סיפיליס, האָבען חתונה געהאַט און זיינען געוואָרען פאָטערס פון געזונדע, נאָרמאַלע קינדער.

האָט אָבער יעדער איינער, וואָס געמט זיך אָן מיט סיפיליס, א מעגליכקייט צו קריגען די ריכטיגע מעדיצינישע בעהאַנדלונג?

דר. פרינס א. מאַראָו שרייבט: „א שנעלע מעדיצינישע הילף איז ניט נור אין די אינטערעסען פון דעם קראַנקען סיפיליטיקער, נור גאַנץ בעזונדערס אין די אינטערעסען פון די ארומיגע, פון יענע אַלע, וועלכע ער קען אָנשטעקען. אָבער די לאַגע איז אַזא: קיין ספעציעלע האָספיטעלער פאַר ווענעריש־קראַנקע האָבען מיר ניט. א קליינע צאָהל האָספיטעלער נעמען אריין סיפיליטיקער אין דעם ערשטען, קורירבאַרען סטאַדיום פון דער קראַנקהייט; נאָך ווייניגער קראַנקען־הייזער האָבען בעזונדערע ווענערישע אָבטיילונגען. אפילו די דיספּענסערים זיינען ניט צוגעפאַסט צו די בעדערפנישען פון די ווענערישע קראַנקע. זעהר זעלטען זיינען זיי אָפען ביי נאַכט, אזוי אז דער ארבייטער, וואָס געהט אינ'ם דיספּענסערי, מוז פערלירען א טאָג ארבייט און אָפט ריזיקירט ער מיט דער שטעלע. וואָס איז דער רעזולטאַט? טויזענדער און טויזענדער געהען צו שווינדלער־דאָקטוירים אָדער נעמען די בעריהמטע פּאַטענט־מעדיצינען, וואָס העלפען ניט און זיינען צומאָל אויך שעדליך. די טויזענדער געהען ארום, פערשפּרייטענדיג די זאָמען פון דער שרעקליכער קראַנקהייט.“

דר. מאַראָו רעדט וועגען האָספיטעלער, אָבער ווי האַלט עס מיט די פּריוואַטע דאָקטוירים? איך וועל דערצעהלען וועגען א פאַל, וועלכער איז מיר גוט בעקאַנט. צו מיר איז געקומען א מיי־דעל, וועלכע איז געווען דריי יאָהר קראַנק. איידער זי איז געקו־מען קיין ניו־יאָרק האָט זי זיך אין דריי שטעדט געבעטען אין האָספּיטעלער. אומעטום האָט מען איהר אָבגעזאָגט. זי איז גע־גאַנגען צו דאָקטוירים: יעדער האָט איהר געזאָגט דאָסזעלבע, אז זי מוז זיך סיסטעמאַטיש קורירען און דערצו דאַרף מען געלד. מען

האָט ביי איהר געבעטען פון 150$ ביז 500$. די מיידעל האָט פער־רינט אזוי ווייניג, אז פון איהר פערדינסט איז איהר געבליבען יעדע וואָך ניט מעהר פון 2$. עס פערשטעהט זיך, אז צו א דאָקטאָר האָט זי ניט געקענט געהן. וואס טהוט מען? האָט זי אָנגעהויבען צו שטאָפּען זיך מיט פּאַטענט־מיטלען. איהר איז געוואָרען אלץ ערגער און ערגער. ענדליך האָט איהר צוגענומען א פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלט, וועלכע האָט איהר פערזאָרגט ביז׳ן טויט. עס איז שוין געוועזען צו שפּעט. ווען איך האָב איהר געזעהן, איז איהר נאָז און אויבערשטע ליפּ געוועזען אויפגעפרעסען, זי האָט ניט געהאַט כמעט קיין ציינער, פערשוואונדען זיינען געוואָרען איהרע האָר, אויגען־ברע־מען — בעשרייבען ווי די אָרימע מיידעל האָט אויסגעזעהן איז אונמעגליך.

די געשיכטע, וואָס איך האָב דערצעהלט, איז ניט קיין אויס־נאַמס־געשיכטע. דאָס איז אַ געוועהנליכע זאַך. טויזענדער סיפי־ליטיקער געהען ארום איבער די גאַסען פון אונזערע שטעדט און שטעקען אָן מענשען. זיי קענען ניט צאָהלען די דאָקטוירים, וויפיעל יענע פאָדערען. אינטערעסאַנט איז, אז די־זעלבע דאָקטוירים, וואָס שרייבען און פּראָטעסטירען געגען די שווינדעל־דאָקטוירים, פער־גינען זיך צו פאָדערען פון קראַנקע צו גרויסע האָנאָראַרען. דעם קראַנקען בלייבט ניט קיין אַנדערער אויסוועג, ווי פּוילען אליין און ווערען א געפּאַהר פאַר אַנדערע. דער דאָקטאָר האָט קיין שום פער־אַנטוואָרטונג ניט אַנטקעגען דער געזעלשאַפט. ער פרעגט ניט, וואָס געהט דער פּאַציענט טהון. ניט זיין דאגה! האָט ער ניט געלט צו בעצאָהלען, זאָל ער געהן!

די געזעלשאפט איז גאָרניט קאָנסעקווענט. זי קעמפּפט געגען אַזעלכע אַנשטעקענדיגע קראַנקהייטען, ווי מאָזלען, טיפוס, דיפטע־ריט. פון יעדעם דאָקטאָר ווערט געפּאָדערט, אז פון יעדען איי־נעם וואָס האָט אַזאַ קראַנקהייט, ווי דיפטעריט, מאָזלען, זאָל גע־מאָלדען ווערען דעם געזונדהייטס־דעפּאַרטמענט. אָבער נאָך אַלע־מען וואָס זיינען מאָזלען אַנטקעגען דעם געפּעהרליכען סיפילים? איז נויטיג האַלטען אין אויג, אין זין האָבען, אָבט־ילען פון די גע־זונדע יענע, וואס האָבען מאָזלען, דיפטעריט, טו פאַרוואס האָבען מיר גאָרניט אין זין די סיפיליטיקער?

## קאַפּיטעל 13.

# עלטערע יאָהרען

שוין אין אָנהויב ביכעל האָבען מיר ערקלערט, אז דאָס דורכשניטליכע מיידעל הויבט אָן צו האָבען דאָס מאָנאַטליכע אינ'ם עלטער פון פופצעהן יאָהר און האָט דאָס ביז פינף־און־פערציג אדער פופציג יאָהר. אין די דאָזיגע יאָהרען הערט אויף דער מענסטרוציאָנס־פּראָצעס. די פופציג־יעהריגע פרוי ווערט געשלעכטליך פערענדערט, אַן אנדערע. זי איז מעהר ניט פעהיג צו האָבען קינדער. א גרויסע רעוואָלוציאָן קומט פאָר אין איהר לעבען.

געוועגליך הערט דאָס מענסטרואירען אויף ניט מיט א מאָל. עס הויבען זיך אָן אונרעגעלמעסיגקייטען אינ'ם פּראָצעס. אזוי געהט עס א צוויי־דריי יאָהר. און דערנאָך קומט די גרויסע ענדערונג אינ'ם לעבען פון דער פרוי: זי קען מעהר מוטער ניט זיין.

געוועגליך שרעקען זיך זעהר שטארק פרויען פאר די דאָזיגע יאָהרען. זיי ווייסען אזוי ווייניג וועגען דעם, וואָס ערוואַרט זיי, אז זיי ערוואַרטען אַלדאָסבעזז. דאָס איז פאַלש. עלטער איז אזוי נאַטירליך, ווי יוגענד. וואס ווייניגער געשראָקען זיך — אַלץ לייכטער וועט דער פרוי זיין איבערלעבען די דאָזיגע קריטישע יאָהרען.

דאָס וויכטיגסטע, וואָס קומט פאָר אין די יאָהרען אינ'ם פרויען־אָרגאַניזם, איז דאָס, וואָס אָוואולאַציאָן ווערט אונמעגליך: דער אייערשטאָק טיילט מעהר קיין אייערלעך ניט אויס. דאָס איז א שרעקליכע ערפאהרונג פאר דער פרוי; דאָס הייסט, אז זי וועט מעהר קיין מוטער ניט קענען זיין. דאָס, וואָס דאָס מאָנאַטליכע הערט אויף, איז דער ערשטער, דער וויכטיגסטער אָנזאָג, אז די קריטישע צייט איז געקומען. אָפּט געהט אָן אָוואולאציאן עטליכע מאָנאַטען, אפילו א יאהר, נאָכדעם וואָס די פרוי האָט שוין מעהר קיין מאָנאַטליכע ניט. די געוועבען פון דער געבירמוטער, די פאַלאָפּיען־רעהרען און אייערשטאָק דעגענערירען, ווערען איינגעשרומפּט. אינ'ם אייערשטאָק געשעהט דאָסזעלבע שפּעטער, דעריבער איז מעגליך די אָוואולאציאָן א געוויסע צייט נאָכ'ן אויפהערען פון מענסטרואציאָן.

זעלטען ווען איהר טרעפּט פרויען, וואס זיינען איבערגעקומען די דאָזיגע קריטישע יאָהרען אָהן יעדער פּיין און וועהטאָג; די מייסטע פרויען האָבען אין די יאהרען פערשידענע קראַנקהייטען

און צרות. עס מהוט זיי וועה דער קאָפּ, דער רוקען; זיי קענען ניט שלאָפען, זיי האָבען היץ, ווערען רויט אין פּנים, קאָפּ און נאָז, שוויצען אָפט, קענען ניט האַפען דעם אָטעם, זיינען נידערגעשלאָגען, נערוועז, ליידען פון דיארעע אָדער פערשטאָפּונג פון מאָגען. דער ערגסטער סימפּטאָם איז אָבער א בלוטשטורץ. ווי נור עס בעוויזט זיך בלוט, דארף מען זיין זעהר פאָרזיכטיג. דאָס בלוטען קען זיך נעמען פון א ענטצינדונג פון דער געבירמוטער; אָדער אַלגעמיינע קראַנקהייטען פון הארץ, לונגען, נירען אָדער געשווילעכצען קענען זיין די אורזאכע פון א אונגעוועגליכען בלוטשטורץ אין די יאהרען. געוויסע אויטאָריטעטען בעהויפּטען, אז אָפט נעמט זיך דאָס פון שכרות, אבאָרטען, צו אָפטע און שווערע קינדער געבורטען, פון צו פריהער אָדער צו שטארקער מענסטרואציאָן. מייסטענטיילס דארף מען דעם בלוטשטורץ צושרייבען א קרעבס־געשווילעכץ: עס איז א פאקט, אז אין די יאהרען צווישען פערציג און פופציג האָבען פרויען מייסטענס קרעבס. היינט בעטראכט מען דאס פאר א לאָקאַלע קראַנקהייט און אויב מען שניידט דעם קרעבס (קאַנסער) אויס בעצייטענס, קען די קראנקע געהיילט ווערען. האָט אין זין, אז בלוטשטורץ איז א געפעהרליכער סימפּטאָם. זעהט איהר בלוט, נעהט צום דאָקטאָר. אזוי ווי די שוואנגערע פרוי מוז זיין אונטער דעם דאָקטאָר׳ס אויפזיכט, אזוי מוז אויך די עלטערע פרוי אין די קריטישע יאָהרען זיך לאָזען גוט בעטראכטען און בעהאנדלען פון א עהרליכען גוטען דאָקטאָר.

ווען א פרוי האָט דאָס מאָנאַטליכע נאָכ׳ן פופציגסטען יאהר, איז דאָס אזוי אוננאָרמאַל, ווי בלוטשטורץ. דאָס זיינען צוויי וויכטיגע סימפּטאָמען פון קראַנקהייט. אָפּט בעמערקען מיר אָבער דאָס ענטגעגענגעזעצטע, אז דאָס מאָנאַטליכע הערט די פרוי אויף צו האָבען פאר דער צייט. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס זי האָט געהאט עפּעס א נייסטיגע אָדער פיזישע ערשיטערונג, א שווערע קראַנקהייט, אָפּעראַציאָנען.

ווען דאָס מאָנאַטליכע הערט אויף, העננט אָב פון קלימאַט און ראַסע. קיש זאָגט, אז דאָס סאָציאלע שפּילט אויך א גרויסע ראָל. ער בעהויפּטעט, אז די ארבייטער־קלאַסען פערלירען פריהער די געשלעכטליכע פעהיגקייטען, זייענדיג געצוואונגען צו ארבייטען שווער און טראָגענדיג אויפ׳ן קאָפּ צופיעל זארגען.

ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, הערט ניט אויף דאָס מענ־

סטרואירען פלוצלונג מיט אמאָל. אין משך פון צוויי־און־א־האלב, דריי יאהר איז דער דאָזיגער פּראצעס אונרעגעלמעסיג. די נע־שלעכטליכע אָרגאנען ווערען אטראָפּירט ביסלעכוויז. די געבירמוטער ווערט קליין; די שייד — גלאַט, די עפענונג פון דער שייד שרומפּט איין. אלעס בעווייזט, אז די פרוי געהט אריין איצט אין א נייער וועלט.

עס וואָלט געווען זעהר גוט, אז יעדע פרוי אין די דאָזיגע יאה־רען זאָל קענען בייטען דעם קלימאט, רוהען א צייט, ביז די ענדע־רונג וועט זיך איינשטעלען. די פרוי האָט א רעכט צו פאָדערען דאָס פון דער געזעלשאפט. זי האָט געדינט דער געזעלשאפט. זי האָט אָבגעגעבען אלץ דער מענשהייט. איצט מעג די געזעלשאפט איהר פערשאפען אביסעל רוה.

טילט גלויבט, אז ניט־פערהייראטעטע פרויען ליידען וועניגער אין די קריטישע יאהרען, ווי די פערהייראטעטע.

שלעכט איז, וואָס פרויען איבערטרייבען די געפאהרען פון דער דאָזיגער צייט. מען קען זיך לייכט צופּאַסען צו איהר, צו די נייע בעדינגונגען.

ערשטענס דאַרף יעדע פרוי אין די דאָזיגע יאָהרען האלטען דיעטע און זעהן צו האָבען א גוטען מאָגען. דאָס בעסטע איז עסען עפּעס לייכטעס, וועגעטאבילען. איז די פרוי פערנומען מיט פיזי־שע ארבייטען, מעג זי עסען פלייש איינמאָל א טאָג. היט זיך אָב פון מאכלים, וואָס זיינען שווער צו פערדייען, ווי קעז, הייסע ברויט, געבראָטענע זאכען; טרינקט א סך וואסער. עסט פרוכט. שפּאַ־צירט, רוהט אויס, שלאָפט נאָרמאל, לאָזט ניט צו קיין זאָרגען צו זיך — דאָס איז די בעסטע עצה, וואָס מיר קענען געבען דער פרוי, וואָס עלטערט זיך.

טילט זאָגט: „דאָס בעסטע מיטעל אויסצומיידען די געפאה־רען פון דער דאָזיגער קריטישער צייט איז זיין פיזיש גוט צוגעגרייט צו איהר.“ און ווייטער בעמערקט ער: „היט זיך! אין די יאה־רען ווערען אלע קראנקהייטען, וואָס קלעפּען זיך צו צום אָרגאניזם, כראָנישע קראנקהייטען, ווייל דער קערפּער האָט זעהר וועניג ווי־דערשטאנדס־קראפט.“

די פרויען אין די עלטערע יאָהרען דארפען זיך היטען, פאָל־גען דעם דאָקטאָר'ס עצות, זיין פארזיכטיג, אָבער — ניט ציטערען, ניט שרעקען זיך.

# א פּאָר שלום ווערטער.

פערענדערענדיג דאָס ביבעל, ווילט זיך מיר זאָגען, אז די פרויען מוזען ענדליך פערשטעהן, אז זיי זיינען ניט נור מוטערס, נור אויך מענשען. זיי זיינען מעהר ווי א קינדער־פּראָדוצירענדע מאשין. מען האָט דער פרוי איינגערעדט, אז איהר איינציגער צוועק אין לע־בען איז מוטערשאפט. צו לאַנג האָט זיך די פרוי געלאָזט איינשפּאַ־נען אין'ם שווערען יאָך פון מוטערשאַפט! ווי שקלאַווישׁ זיינען געוועזען די פרויען. זיי האָבען ווירקליך געגלויבט, אז זיין א מוטער איז אלץ. דאָס איז געוועזען די איינציגע האָפנונג פון דער פרוי, איהר איינציגער פערלאַנג, איהר איינציגער צוועק אין לעבען. איז א וואונדער, וואס ווערענדיג אלט און ניט־פעהיג צו האָבען קינדער, פיהלט זיך די פרוי פערלאָזען, איינזאם, אוננוציג? וואס איז צו וואונדערען זיך, אז אין די עלטערע יאָהרען ווערט זי מעלאנכאָליש, נידערגעשלאָגען, פערדריקט?

די היינטיגע פרוי איז א גליקליכערע. זי בעפרייט זיך ביס־לעכוויז פון די פערעלטערטע בעגריפען. אלץ מעהר פערשטעהט זי, אז זי איז א מוטער, און א מענש דערצו. דעריבער פערשטעהט זי, אז אויב עס זיינען פארביי די יאָהרען פון מוטערשאפט, איז נאָך אבער ניט פארביי דאָס גאנצע לעבען. זי האָט, אלס מוטער, אָנ־געזאמעלט א גרויסע ערפאהרונג. זי ווייס פערשידענעס. האָט איבערגעלעבט א וועלט. איצט, אין די עלטערע יאהרען, קען זי ווערען ניצליך דער וועלט אויף אן אנדער אופן. איצט קען זי אריינווארפען זיך אין'ם געזעלשאפטליכען לעבען; איהרע מוטער־פליכטען נעמען אויף זיך אנדערע פרויען, אבער זי, — א בעפריי־טע פון די זאָרגען וועגען קינדער און הויז, — קען איצט בעפרוכטען די געזעלשאפט מיט איהר רייכער ערפאהרונג.

אין די עלטערע יאהרען, ווען אלעס האָט זיך, דוכט זיך, גע־ענדיגט פאר דער פרוי, הויבט זיך אלעס ערשט אָן פאר איהר — א נייע עפּאָכע קומט.

נאָך א וואָרט וועגען געשלעכטליכקייט און עקאָנאָמישע פּראָב־לעמען פון אונזער צייט. עס איז אונמעגליך צו רעדען וועגען פראָסטיטוציאָן, סיפיליס, דעם פערשווינען פון'ם געשלעכטליכען און דערביי ניט אָנריהרען די אנגעוועהטיגטע עקאָנאָמישע ווידער־

שפרוכען פון אונזער צייט. די וועלט שטעהט אין אנגעזיכט פון א גרויסען קריזיס. דאס גאנצע געבוי פון דער היינטיגער געזעלשאפט איז צופוילט.

די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט איז א פוילע געזעלשאפט. אין דער איצטיגער געזעלשאפט האט דאס יונגע מיידעל קיין האפ־נונג ניט צו לעבען א ציכטיג לעבען: די יוגענד קען ניט ענטוויק־לען איצט די פיזישע קרעפטען איהרע: די פראסטיטוציאן וועט ניט פערשווינדען און א שטארקע, געזונדע ראסע וועט ניט אויפ־שטעהן, ביז די פוילע געזעלשאפט וועט ניט צערשטערט ווערען.

די פרוי וועט נעמען אין האנד איהר שיקזאל.

די פרוי איז דער נאטירליכער שונא פון דער פערפוילטער גע־זעלשאפט.

די פרויען אלע דארפען אייפהויבען זיך, ווי איין מענש געגען דער איצטיגער ארדנונג, וואס פערשקלאפט די פרוי, עקאנאמיש און געשלעכטליך.

וואס מעהר ליכט! פערשטעהן דארפען מיר פריהער און האבען מיר פערשטאנען די אורזאכען, וועלען מיר געהן וויטער: מיר ווע־לען דער דאזיגער עקאנאמישער שקלאפעריי, וואס, בינדט פרוי און מאן ערקלערען קריג — דעם קריג אויף לעבען און טוידט.



# וואָס יעדע מוטער
# דאַרף וויסען

---

ליינט אריין דער מוטער אין מויל דאָס, וואָס זי דאַרף דער־צעהלען איהרע קינדער וועגען די וויכטיגע געשלעכטליכע פּראָצעסען, וואָס אינטערעסירען אזוי שטארק יעדעס קינד.

טויזענדער מוטערס ווילען זאָגען זייערע קינדער דעם אמת, אָבער זיי ווייסען נישט ווי טהוט מען דאָס. זיי ווייסען נים, אין וועלכע ווערטער זאָל מען איינקליידען דעם אמת וועגען די דעליקאטע פראגען.

דאָס קליינע ביכעל „וואָס יעדע מוטער דאַרף וויסען" דער־צעהלט, ווי אזוי א מוטער האָט אריינגעפיהרט איהרע קינ־דער אין דער געהיימניספולער וועלט פון געשלעכט. אָנ־הויבענדיג מיט בלומען און איבערגעהענדיג צו פיש, פּראָ־שען, פויגעל, הינד און קעץ, האָט די מוטער ביסלעכווייז, דערצעהלענדיג, ווי די אלע בעשעפענישען פערמעהרען זיך, צוגעגרייט די קינדער, זיי זאָלען פערשטעהן דאָס וויכטיג־סטע, דאָס געהיימניספולסטע — דעם סוד פון זייער אייגע־נער געבורט.

וויל א מוטער וויסען, ווי צו רעדען מיט קינדער וועגען דעם געשלעכטליכען, זאָל זי לעזען „וואָס יעדע מוטער דאַרף וויסען?"

**מאַקס נ. מייזעל,**

424 גרענד סטריט, ניו יאָרק.

# וואס יעדע מוטער
# דארף וויסען

---

לייגט אריין דער מוטער אין מויל דאס, וואס זי דארף דערציילען איהרע קינדער וועגען די וויכטיגע געשלעכטליכע פראצעסען, וואס אינטערעסירען אזוי שטארק יעדעס קינד.

טויזענדער מוטערס ווילען זאגען זייערע קינדער דעם אמת, אבער זיי ווייסען נישט ווי אזוי מען טהוט דאס. זיי ווייסען ניט, אין וועלכע ווערטער זאל מען איינקליידען דעם אמת וועגען די דעליקאטע פראגען.

דאס קליינע ביכעל „וואס יעדע מוטער דארף וויסען" דערציילט, ווי אזוי א מוטער האט איינגעפיהרט איהרע קינדער אין דער געהיימניספולער וועלט פון געשלעכט. אנהייבענדיג מיט בלומען און איבערגעהענדיג צו פיש, פראשען, פייגעל, הינד און קעץ, האט די מוטער ביסלעכווייז, דערציילענדיג, ווי די אלע בעשעפענישען פערמעהרען זיך, צוגעגרייט די קינדער, זיי זאלען פערשטעהן דאס וויכטיגסטע, דאס געהיימניספולסטע — דעם סוד פון זייער אייגענער געבורט.

וויל א מוטער וויסען, ווי צו רעדען מיט קינדער וועגען דעם געשלעכטליכען, זאל זי לעזען „וואס יעדע מוטער דארף וויסען?"

**מאקס נ. מייזעל,**

424 גרענד סטריט, ניו יארק.